פערלאַג פון בוכהאַנדלונג "יצחק פונק" ווילנא.

# פאַרבאָרגענער צַדיק

אָדער

## דער מָגן דָוד

אַ מַעֲשֹה נורא פון רַבִּי יִשְׂרָאֵל בַּעַל שֵׁם טוב (בעש"ט) ז"ל
איז וואונדערליך אַ פאַרגעניגען צו לעזען.

פאַרשריבען לזכרון פון יהושע מזח.

ווילנא תר"ע

בדפוס ה' ציונס'זאהן.

ФАРБОРГЕНЕРЪ ЦАДИКЪ

т. е. неоткрывшійся Міру праводникъ

соч. О. Х. МЕЙЗАХА.

ВИЛЬНА, Типографія Ціонсона 1910 г.

# א) דער בעש"ט עהדער ער איז נתגלה געווארען.

דער בעש"ט עהדער ער איז בעוואוסט געווארען אויף דער וועלט, האט ער געקנעלט ביי אקרעטשמער אין אדארף, דאס הייסט: ער האט געלערענט מיט דעם קרעטשמערס קינדער.

דער קרעטשמער איז געוועזען אפראסטער מענש נור אפרומער איד. ער האט דעם בעש"ט זעהר געשעטצט און פיל כבוד געגעבען, ער האט איהם געהאלטען ניט וויא אנאנדער קרעטשמער האלט א מלמד... דער בעש"ט איז געוועזען ביי איהם שטארק חשוב. ווייל ער האט געזעהען פון בעש"ט זצ"ל גוטע מנהגים. שאנע מדות. דעם קרעטשמער איז געפאלען געוועזען וויא דער בעש"ט האט געלערנט, געדאווענט, און זיין היטען אלע מצות, דארום וואס דער בעש"ט האט בייא איהם געבעטען, האט דער קרעטשמער געטהאן. עס איז בייא איהם קיין זאך ניט שווער געוועזען צו ערפילען דעם ווילען פון בעש"ט.

אמאל האט דער בעש"ט, זכותו יגן עלינו, געבעטען דעם קרעטשמער: דאס ער זאל פאר איהם אויסבויען אקליינע שטיבעל אין וואלד ניט וויט פון דאורף. ער זאל דארטען קענען לערנען מיט זיינע תלמידים.

— פאר וואס געפעלט אייך ניט אין קרעטשמע? — האט דער קרעטשמער געפרעגט.

— ווייל דא אין קרעטשמע — האט דער בעש"ט געענטפערט — איז אצוגרויסער טומעל. עס קומען אין קרעטשמע פערשידענע מענשען און זיי שטערען אונז פון לערנען.

דער קרעטשמער האט אין אקורצער צייט אויסגעבויט

אַגוטע שטיבל אין וואַלד. נאָך אַפּיל בעסערע און שענערע ווי דער בעש"ט האָט פערלאַנגט. און דאָרטען האָט דער בעש"ט מיט זיינע תלמידים געלערנט טאָג און נאַכט, נור עססען מיטאָג פלעגען זיי געהען אין דאָרף צו דעם קרעטשמער.

מיר זאָלען וועלען ערציילען די פרומקייט פון בעש"ט. וועלען מיר ברויכען אָנפילען גרויסע ביכער; נור צוויי זאַכען וועלען מיר יעטצט ערציילען, נעמליך: עס האָט אַמאָל געטראָפען דאָס ביי דעם בעש"ט האָט זיך אָפּגעריסען אַפּאָדעם פון זיינע ציצית און ער האָט געברויכט געהען פון וואַלד אין דאָרף. האָט ער אָנגעטהאָן אויף זיך דעם טלית גדול. ווייל ער האָט ניט געוואָלט גיין קיין איינציגען טריט אָהן ציצית.

דער בעש"ט זצ"ל האָט אַמאָל איבערגעזעהען די מזוזה וואָס זי איז געווען אָנגעשלאָגען אין זיין שטוב. האָט ער געזעהען דאָס זי איז אַפּסולה. איז ער פון שטוב ניט אַרויס געגאַנגען, ביז מען האָט איהם געבראַכט אַכשרה מזוזה און ער האָט איהר אויף דער טהיר פון שטוב אָנגעשלאָגען.

אַמאָל האָט געטראָפען אַזאַ וואונדערליכע מעשה: דער בעש"ט מיט זיינע תלמידים זיינען געגאַנגען פון וואַלד אין דאָרף צו עססען מיטאָג, ווי געוועהנליך זיי פלעגען געהן אַלע טאָג. זיי זיינען געקומען ניט וויט פון קרעטשמע, האָבען זיי געהערט פון קרעטשמע זעהער אַגרויס געוויין די תלמידים האָבען זיך שטאַרק ערשראָקען.

— רבי! — האָבען די תלמידים געפרעגט — וואָס פאַר אַנאונגליק האָט אין קרעטשמע געטראָפען, וועה צו אונז, לאָמיר גיין שנעלער.

— בערוהיגט אייך — האָט דער בעש"ט זיי געענטפערט מיט גוטע קלוגע רייד — עס דוכט זייא... עפּעס אחלום... אָבער זיי האָבען ניט וואָס צו וויינען. עס איז גאָר נישט!.

ווי דער בעש"ט איז אַריינגעקומען אין קרעטשמע, האָט ער געפרעגט דעם קרעטשמער: פאַר וואָס וויינט איהר אַזוי שטאַרק?

ווי זאָלען מיר ניט וויינען? — האָט דער קרעטשמער געענטפערט — אַז מיר זיינען זעהר שטאַרק אונגליקליך. אויף אַזאַ אונגליק האָבען מיר זיך קיין מאָל ניט גערעכענט. ווען אונזער אַשונא וואָלט אונז דאָס פריהער געזאָגט, וואָלטען מיר איהם געוויס ניט געגלויבט.

איך וויל וויסען — האָט דער בעש"ט געזאָגט — אין וואָס בעשטעהט אייער אונגליק?

וואָס קענט איהר מיך דערצו העלפען? — האָט דער קרעטשמער געענטפערט — און האָט זעהר שטאַרק געזיפצט.

אויב איך קאָן אייך ניט העלפען — האָט דער בעש"ט געזאָגט — איז פאַראַן אַגרויסער גאָטט וואָס ער איז אַ רחום וחנון, און אַז איך וועל איהם שטאַרק בעטען פאַר אייך, וועט ער אייך געוויס העלפען.

איך גלויב מיט אַנ'אמת - האָט דער קרעטשמער געענטפערט — אַז איהר זענט מעהר ווי איך בין מקורב צו גאָט, דאַרום וועל איך אייך בעטען דאָס איהר זאָלט תפלה טאָן צו גאָטט אַז ער זאָל מיך מיט מיין פרוי און קינדער ניט טעטען דורך הונגער. איהר ווייסט דאָך, אַז אין די קרעטשמע בין איך געבאָרען געוואָרען און מיין פאָטער איז דאָ אויך געבאָרען און ערצויגען. שוין דער פינפטער דור וויא מיר וואָהנען אין די זעלביגע קרעטשמע. הגם איך ווער דאָ ניט גליקליך. מעהר וויא ברויט און שכר לימוד צוא צאָהלען פאַר מיינע קינדער. פאַרדין איך ניט. נור איך בין צופרידען און יעדען טאָג דאַנק איך דעם רבונו של עולם פאַר די חסד וואָס ער טהוט מיט אונז. יעטצט אבער האָט דער פריץ—וואָס צו איהם געהערט די קרעטשמע—געשיקט

(מען דורך)

מיר זאָגען: דאָס אַ יוד וויל דינגען בײַ איהם די קרעטשמע, און ער גיבט איהם אַ הוספה אויף די דירה געלד וויפיל איך האָב איהם ביז היינט געצאָהלט בכן — זאָגט דער פריץ — אויב איך וועל איהם געבען די זעלביגע הוספה ווי יענער גיבט איהם, הונדערט גילדען אַ יאָהר מעהר ווי ביז היינט, וועל איך בלײַבען וואָהנען אין די קרעטשמע, ווען ניט, וועט ער פערדינגען די קרעטשמע יענעם, און ווי ווײַט איך ווייס קאָן די קרעטשמע אזא הוספה ניט אײַנברײַנגען, יעטצט פערשטעהט איהר פאַר וואָס מיר ווײַנען!

— פיליכט ווייסט איהר — האָט דער בעש"ט געפראָגט — דעם נאָמען פון דעם יודען וואָס וויל דאָס טהון.

זײַן נאָמען איז דוד — האָט דער קרעטשמער געענטפערט — ער וואָהנט דאָ ניט ווײַט פון אונז.

בערוהיגט אײַך — האָט דער בעש"ט איהם געטרייסט — יענער איז דאָך אויך אַ יוד. האָט ער דאָך מסתמא אַ יודישע הארץ. אָט וועל איך געהען צו איהם איך וועל איהם ערקלערען אַז ער טהוט געגען די תורה. געגען יושר און געגען מענשליכקײַט. אַ יוד טאָר ניט משיג גבול זײַן.

איך ווייס ניט — האָט דער קרעטשמער געענטפערט — אויב ער וועט אײַך פאָלגען. איך האָב מורא אַז איהר וועט האָבען דערפון פאַרדרוס און אפשר בזיונות אויך. איהר קענט איהם וועניג, אָבער איך קאָן איהם זעהער גוט. איך ווייס אַז ער האָט פאַר גאָט וועניג מורא ער ווייסט ניט פון יושר, פון מענשליכקײַט, פון השגת גבול וועט ער דאָך אײַך ניט פאָלגען ער וועט זיך געוויס אויסלאַכען פון אײַערע רייד, און די קרעטשמע וועט ער געוויס דינגען:

איהר זאָגט — האָט דער בעש"ט געענטפערט — אַז ער האָט קיין מורא ניט פאַר גאָטט, דאָס איז ווי לאַנג גאָטט שווײַגט. אָבער אַז גאָטט וועט זיך מיט איהם אָפרעכענען

אַזוי ווי עֶר קָאן, אַ דֶענסטמאָל וועט עֶר ווערן גאַנץ אַנדערש . . .

— אויב אִיהר ווילט זיך מטריח זיין געהען צו אִיהם — האָט דער קרעטשמער געזאָגט — וועל איך אייך ניט אָפּהאַל-טען דערפון, אפשר . . . אַמעגש דאַרף זיין האָפנונג ניט פאַרליהרען, פיליייכט וועט אִיהר אִיהם אַביסעל ווייך מאַכען זיין האַרץ וואָס אִיז האַרט ווי אייזען. איך בעט בּיי גאָטט און האָפפע צו אִיהם אַז עֶר וועט צוזעהען אונזער עלענד און עֶר וועט מיט רחמנות מבטל זיין די גזרה פון אונז. אמת איך האָב געזינדיגט — אָבער מיר זאָגען דאָך: והוא רחום יכפר עון. —

— די אמונה וואָס אִיהר האָט אין גאָטט — האָט דער בעש"ט געענטפערט מיט התלהבות — און דעם זכות וואָס אִיהר לאָזט לערנען אייערע קינדער תורה, וועט אייך ביי-שטעהען אַז אִיהר וועט בּלייבּען וואָהנען אין קרעטשמע ווי בּיז היינט.

אָמן! — האָט דער קרעטשמער געענטפערט מיט אַללע זיינע קרעפטע — געהט צום שלעכטען מענשען און גאָטט זאָל אייך מצליח זיין, אַז דורך אייער זכות זאָל איך בּלייבּען וואָהנען אין קרעטשמע. דענסטמאָל וועל איך לויבּען און דאַנקען גאָטט און אייך.

## ב) דער בעש"ט געהט אין א דבר מצוה.

עהדער דער בעש"ט אִיז געגאַנגען צו יענעם שלעכטען מענשען, האָט עֶר מתפלל געווען צו גאָט און האָט אַזוי געזאָגט: רבונו של עולם! איך בעט דיך, האָב רחמנות אויף דעם קרעטשמער, זאָל עֶר בּלייבּען וואהנען אין קרעטש-מע. אַי וואָס, יענער דאַרף אויך פּרנסה וועסט דו יענעם

שפּיַיזען אויף אַנאַנדער אופן. ער וועט געפינען זיין לעבענס-מיטעל אָהן השגת גבול דען דוא בּאַרמהערציגער גאָטט קאָנסט אַלעמען שפּייזען.

בּאַלד נאָך דער קורצער תּפלה איז דער בּעש"ט אוועקגעגאַנגען צו יענעם שלעכטען מענשען.

ווי דוד האָט דערזעהען דעם בּעש"ט, האָט ער בּייא איהם געפרעגט: וואָס דאַרפט איהר? אפשר זוכט איהר אַנייעם בּעל הבּית וואָס האָט קינדער? ווייל אַייער בּעל הבּית וועט מוזען בּאַלד אָפּטרעטען פון קרעטשמע. וועט איהר בּלייבּען אָהן אַקנעלונג?

— איך גלויב אַז מיין בּעל הבּית וועט ניט דאַרפען אָפּטרעטען פון קרעטשמע — האָט דער בּעש"ט געענטפערט — ווייל אַ יוד ווי איהר וואָס האָט גאָט אין האַרצען. וועט ניט וועלען טהאָן אַזאַ זאַך וואָס אַגאַנצע פאַמיליע זאָל אונגליקליך ווערן. גאָטט וויל ניט אַז איינער זאָל משיג גבול זיין דעם צווייטען. אַלזאָ דאַרפט איהר רחמנות האָבּען און ניט אויסדינגען די קרעטשמע.

— אויף זיך איז מעהר רחמנות — האָט דוד געענטפערט, אַלאַנגע צייט האָט ער געהאַט פּרנסה פון קרעטשמע, יעטצט וויל איך פון איהר לעבּען.

— הייסט דאָס — האָט דער בּעש"ט געזאָגט — איהר ווילט קיין רחמנות האָבּען, פאַרגעסט ניט ר' דוד, אַז מיין בּעל הבּית ווייסט פון קיין אַנדער געשעפט, שטעלט אַייך פאָר זיין אונגליק, ווען אַזאַ מענש זאָל מוזען אַרויסגעהען פון קרעטשמע, וואו וועט ער געהען מיט זיין פרוי און קינדער? זיי וועלען דאָך איינציגווייז שטאַרבּען פון הונגער. ווילט איהר זיין אַמלאַך המות פון אַגאַנצע פאַמיליע? איך גלויב אַז אייער געוויסען וועט אייך נאָכדעם פלאַגען, עס וועט אייך פאַרדריסען פאַר וואָס איהר האָט אַזאַ גרויסע רציחה

געטאָהן, פאָלגט מיר ר' דוד, דינגט ניט די קרעטשמע, וועט איך גאָטס העלפען פון אַנדערע געשעפטען עהרליכע אָהן השגת גבול.

— געהט איך פון וואַנענט איהר זענט געקומען—האָט דוד געענטפערט מיט כעס—זאָגט מיר קיין דעה און קיינע עצות אין מיינע עסקים, איך פראָג ביי אייך ניט וואָס איך האָב צו טהאָן. און די קרעטשמע וועל איך דינגען

דער בעש"ט האָט געזעהען דאָס ער איז אין כעס און עס קאָן קומען צו ניט שאָנע זאַכען... איז ער אַרויסגע־גאַנגען פון שטוב, און איז צוגעגאַנגען צו אַפענסטער, ער האָט אַקלאַפּ געגעבען אין שויב, איז דוד צוגעגאַנגען נאָהנט צום פענסטער הערען וואָס וועט ער זאָגען.

— צוויי זאַכען וועל איך אייך ר' דוד זאָגען—האָט דער בעש"ט געשריען הויך—איהר זאָלט דאָס גוט געדיינקען ניט פאַרגעסען, דאָס ערשטע: עס וועט קומען אַצייט וואָס איהר מיט אייער פרוי וועלען קומען צו מיר בעטען הילף. איך זאָל אייך ראַטעוועןפון דעם אונגליק וואָס אייך וועט טרע־פען. און צווייטענס: איהר וועט די קרעטשמע בשום אופן ניט דינגען.

דער בעש"ט איז שנעל אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט. דוד האָט געלאַכט פון זיינע רייד, ער האָט ביי זיך אין הארצען געטראַכט: וואָס קאָן מיך אַזאַ אָרעמער מלמד טהאָן? און וואָס האָב איך דען מורא פאַר זיין בעל הבית? דאַכט זיך, דאָס איך בין ניט דער ערשטער וואָס דינגט אויס יענעמ'ס אַקרעטשמע, פרימערע מענשען ווי איך בין האָבען משיג גבול געווען און קיינער איז צו יענע ניט גע־קומען שטראַסען מיט אַזעלכע ווערטער ווי דער מלמד איז געקומען צו מיר. דאָס איז אַ העזה פון אַמלמד. איך מיט מיין פרוי—זאָגט ער—וועלען קומען צו איהם בעטען הילף

ער זאָל אונז ראַטעווען... נור וואָס דאַרף איך מיך בע־קימערן וואָס יענער זאָגט. אָ! איך וועל יענעם מיט דעם מלמד אַרויסטרייבען פון קרעטשמע און מיר וועט טאַקע גוט זיין אויף אַלע מאָל.

דוד איז געזעסען פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, פלוצלונג האָט זיין פרוי צו איהם געזאָגט: דוד! וואָס חלום'סט דוא? דו ווייסט אַז עס איז צייט דו זאָלסט געהען צום פריץ, ער האָט דאָך דיר געהייסען קומען אין דער צייט,

— דו האָסט אַפילו רעכט—האָט דוד געענטפערט—נור איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, אַז איך בין יעטצט פויל צו געהען צום פריץ, עפּעס די האַרץ קלאַפּט אין מיר, איך ווייס ניט פאַרוואָס.

— דאָס איז דאָך ביי מיר קיין נייעס—האָט זיין פרוי געענטפערט—דיר קלאַפּט אָפט די האַרץ, דו בינסט אַש־רעקעגדיגער, דו האָסט מורא פאַר דיין אייגענעם שאָטען. נו. איך בעט דיך מאַך זיך אַפראָהליך האַרץ און געה צום פריץ, מאַך מיט איהם אַסוף, דינג אָפּ די קרעטשמע מיט אַלע פעלדער אַרום און אַרום.

דוד האָט גענומען זיין גרויסען טלית זאַק אַריינגעלייגט אין איהם פיל געלד צו געבען דעם פריץ האַנדגעלד פאַר די קרעטשמע. און נעהמען ביי איהם אַ קאָנטראַקט אויף צעהען יאָהר.

אין יענעם טאָג וואָס דוד איז געגאַנגען צום פריץ מאַכען מיט איהם אַקאָנטראַקט, זיינען געקומען פיל פּאָרנע־מע גרויסע געסט, דער פריץ איז געוועזען שטאַרק באַשעפ־טיגט מיט די געסט.

דער דינער האָט געמעלדעט דעם פריץ דאָס דער יודע דוד איז געקומען מאַכען מיט איהם דעם קאָנטראַקט אויף די קרעטשמע.

(סגן דוד)

— זאָג דעם יודען — האָט דער פּרינץ בעפוילען דעם דינער — דאָס היינט בין איך שטארק באַשעפטיגט איך האָב קיין צייט מיט איהם צו ריידען. זאָל ער קומען צו מיר מאָרגען.

דער דינער האָט זיין שליחות אָפּגעפערטיגט, איז דוד געגאַנגען אַהיים. געהענדיג אויף דעם וועג איז ער מיד געוואָרען, האָט ער זיך געזעצט אָפּרוהען.

„יעוואַנאָווסקי” דעם פּרינץ'ס דינער האָט געוואוסט דאָס דוד האָט ביי זיך פיל געלד, האָט ער זיך פּאַרמאַסקירט, גענומען אַשווערד מיט אַביקס, געזעצט זיך אויף אַגוטען פפערד און האָט איהם נאָכגעיאָגט, ער האָט איהם געטראָפען ווי ער זיטצט אויף דער ערד און דרעמעלט.

— זעהער גוט — האָט דער דינער ביי זיך געטראַכט — איך וועל האָבען קליינע מיה ביי איהם דאָס געלד צו בעקומען. לאַנגזאַם האָט ער ביי איהם דאָס געלד אַרויס-גענומען.

דוד האָט אויפגעוואַכט פון זיין דרעמלען. ער האָט געזעהען ווי דער דינער זעצט זיך אויף דעם פפערד, האָט ער זיך באַלד אַרומגעזעהען דאָס ער האָט ניט דאָס געלד, האָט ער גענומען נאָכלויפען דעם דינער זעהען וואוהין ער לויפט.

דער דינער האָט געזעהען דאָס דוד לויפט איהם נאָך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשאָסען אויף איהם, דער קויל האָט געטראָפען דוד'ן אין זיין לינקער פוס, איז ער געפאַלען אויף דער ערד און דער דינער איז אַנטלאָפען.

אַלאַנגע צייט איז דוד געלעגען אויף איין אָרט, ביז אַמוזשיק פון אַדאָרף איז געפאָהרען אויף יענער וועג. האָט ער איהם געפונען ליגענדיג אפאַרבלוטהיגטען, האָט ער אויף איהם רחמנות געהאַט, ער האָט איהם אַריינגעלעגט אין

זײַן װאָגען און ער האָט איהם אװעקגעפֿיהרט צו איהם אַ היים צו זײַן פֿרױ און קינדער.

פֿון גרױס שרעק און הארצװײטאָג װאָס זײַן געלד האָט מען בערױבט און פֿון שמערצען װאָס ער האָט געהאַט פֿון זײַן פֿוס, דאָס אַלס צוזאַמען האָט אױף איהם שטאַרק געװירקט. ער איז קראַנק געװאָרען, און נאָכדעם איז ער געװאָרען געלוימט (פּאַראַליזירט) ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען פֿון זײַן אָרט, ער האָט ניט געקענט געהען צום פּריץ משיג גבול זײַן.

דער פּריץ האָט געזעהען דאָס דער נײַער אַרענדאַטער קומט מעהר ניט צו איהם דינגען די קרעטשמע, איז דער ערשטער קרעטשמער בײַ איהם אין קרעטשמע געבליבען װאָהנען פֿאַר די זעלביגע דירה געלד װאָס ער האָט אַלע יאהר געצאָהלט אָהן אַ הוספה.

דער פּאַראַלאַזירטער איז אַלאַנגע צײַט געלעגען אױף זײַן בעט. קײַן דאָקטאָר און קײַן פּראָפֿעסאָר האָט איהם ניט געקענט העלפֿען, דער קראַנקער האָט געזוכט הילף פֿון מכשפים, קדרים, מומחים, פֿאַרשפּרעכערקעס, זײ האָבען אָנגעװענדט אַלע זײערע מיטלען. אָבער אומזאָנסט האָט דער אונגליקליכער קראַנקער אױסגעגעבען די לעצטע געלד זײ צו בעצאָהלען, ער איז געבליבען קראַנק װי געװען.

אין אַלאַנגע צײַט אַרום איז דער בעש"ט בעװאוסט געװאָרען פֿאַר אַגרױסען בעל שם, די „װעלט" האָט אָנגע- הײבען פֿון איהם שטאַרק צורײדען, פֿיל מענשען האָבען פֿון איהם דערציילט נסים ונפֿלאות דער קראַנקער האָט געהערט דאָס דער בעש"ט קאָן ממית ומחיה זײַן, דאַרום איז בײַ איהם געבליבען דער הסכם דאָס ער זאָל פֿאָהרען צום בעש"ט, ער האָט ניט געװאוסט אַז דאָס איז דער מלמד װאָס איז אַמאָל פֿון איהם בעלײדיגט געװאָרען.

(מגן דוד)

נאָך איין מאָל מוז איך פּרוּבירען—האָט דער קראַנ-קער געזאָגט צו זיין פרוי—איך וועל פאָהרען צום בעש"ט, אולי ירחם

האָב רחמנות אויף זיך און אויף דיינע קינדער—האָט זיין פרוי געענטפערט—איך וואָלט געוויס וועלען אַז דו זאָלסט געזונד ווערן. אָבער ליידער דו האָסט דאָך שוין אַלץ פּרוּבירט. און אונזערע לעצטען גראָשען האָבען מיר אָפּגעגעבען די מכשפים וואָס פון זיי ערציילען אויך פיל מענשען נסים ונפלאות, און דיר האָבען זיי ניט פאַרגרינגערט אויף איין האָר, יעטצט ווילסט דו פון דאָס ניי פאָהרען אויסברייגען די לעצטע ביסעל געזונד און די לעצטע עטליכע גראָשען וואָס די נסיעה דאַרף קאָסטען און ווער ווייסט אויב ער וועט דיך העלפען מעהר ווי יענע בעטריגער.

— אָבער פילייכט וועט ער מיך יאָ העלפען?!—האָט דער קראַנקער אַרויסגעזאָגט שוואַך—פאַר דעם ספק איז ווערט אַלץ אָנצוווענדען. איך ווייס דאָס מענשען לאָזען זיך פיל געלד קאָסטען צו ליב דעם ספק... אַמענש בויט אַ הויז פון ספק וועגען. טאָמער וועט ער לעבען און וועט געניסען פערגניגען פון זיין הויז. און אַלץ וואָס דער מענש טהוט איז צוליב דעם ספק...

— און איך—האָט די פרוי געענטפערט—גיב פאַר דעם ספק קיין איינציגען גראָשען.

## ג) צוויי ריכטיגע חלומות.

דעם קראַנקען'ס פרוי האָט זיך געלעגט שלאָפען. ווי זי האָט נור איינגעשלאָפען איז איהר מוטטער—וואָס לעבט שוין ניט אַ יאָהר צעהן—געקומען איהר צו חלום. און האָט צו איהר אַזוי געזאָגט: איך קום פון עולם האמת, ווייס איך אַלס אויף קלאָהר. זאָלסט דו וויסען זיין אַז דו מיט דיין

מאַן זייַנען זינדיגע מענשען. ער איז ניט ווערט געזונד צו ווערן, און דו בינסט ניט ווערט צו האָבען אַגעזונדטען מאַן. נור איהר האָט צוויי זאַהנע, זיי וועלען זיין גרויסע צדיקים, זייערע נשמות זייַנען גאָר פון אויבען אָן, צו ליעב זייער זכות וועט דייַן מאַן אם ירצה השם געזונד ווערען, אָבער דו מוסט מיט איהם באַלד אין דער פריה פאָהרען צום בעש"ט, דורך זיין תפלה וועט דיין מאַנס קראַנקהייט אוועקגעהען פון איהם. דאַרום בין איך געקומען דיר אנצוזאָגען די גוטע בשורה וואָס איך האָב געהערט אויבען, און דו זאָלסט תיכף ומיד פאָהרען מיט דיין מאַן צום בעש"ט אַסימן וועסט דו האָבען אַז דער בעש"ט וועט דיר זאָגען די זעלביגע ווערטער וואָס איך זאָג דיר, דאַרום בעט איך דיר, מיין ליעבע טאָכטער, אַז דוא זאָלסט מיר ניט מטריח זיין, איך זאָל דאַרפען חלילה קומען צו דיר נאָכאַמאָל, דו זאָלסט געדיינקען וואָס איך רייד מיט דיר, אַז מאָרגען באַלד אין דער פריה זאָלסט דוא מיט איהם אַוועקפאָהרען צום בעש"ט, איך פאַרזיכער דיר אַז ער וועט קומען צוריק אהיים גאָר אַנאַנדער מענש, פיליַיכט וועט ער געזונד ווערן ניט גאָר אין גאַנצען, אָבער פיל בעססער וועט ער ווערען ווי זיין יעצטיגער טרויעריגער לאַגע איז.

דעם זעלביגען חלום וואָס דעם קראַנקענס פרוי האָט געזעהען און געהערט פון איהר טויטע מוטער, האָט דער קראַנקער אויך געזעהען און געהאָרט פון זיין פאָטער וואָס איז שוין אויך געוועזען עטליכע יאָהר געשטאָרבען. ער האָט דעם קראַנקען אין חלום ערציילט אללע ווערטער וואָס זיין טויטע שוויגער רעדט מיט זיין פרוי, איהר טאָכטער, און ווי זי בעט ביי איהר רחמים אַז זי זאָל מיט איהר מאַן באַלד אין דער פריה פאָהרען צום בעש"ט וועט דער קראַנקער

געזונד ווערען. ווייל די תפלה פון בעש"ט ווערט אלע מאל אין הימעל אנגענומען.

ויהי בבקר, ווי זיי ביידע האבען אויפגעוואכט פון שלאף, האט די פרוי דריי מאל אויסגעשפויגען און האט ביי זיך געטראכט: אחלום איז א ליגנער. אבער דוד האט באלד געזאגט: קום אהער דבורה (אזוי איז געווען איהר נאמען) וועל איך דיר נייעס ערציילען, אזעלכע נייעס וואס דו וועסט מיינען דאס איך בין א נביא.

—אנייער נביא—האט דבורה געלאכט—נו ערצייל מיר די נייעס. איך וויל וויסען דיין גרויסקייט אין נבואה.

— די נאכט — האט דוד געזאגט—האסט דו גערעדט מיט דיינע געשטארבענע מוטער. איז דאס ריכטיג?

— ריכטיג—האט דבורה געענטפערט—נור איך גלויב אז דו זאגסט גלאט אזוי, אט זעהסט דו אז דו וועסט מיר זאגען וואס זי האט מיט מיר גערעדט וועל איך דענסטמאל דיר גלויבען אז דו בינסט א נביא.

דוד האט איהר איבערגעזאגט אללע ווארטער וואס זיין געשטארבענער פאטער האט איהם ביי נאכט אין חלום געזאגט.

דבורה האט זיך שטארק געוואונדערט צו הארען פון איהם די זעלביגע ווארטער וואס זי האט געהארט אין חלום פון איהר טויטע מוטער.

— איך ביטע דיר—האט דבורה געזאגט—דו זאלסט מיר זאגען דעם אמת פון וואנען ווייסט דו דאס? היינטיגע יאהרען זיינען ניטא קיינע נביאים, בין איך נייגיריג צו וויסען ווי אזוי דו האסט געהערט וואס מיינע געשטארבענע מוטער האט מיט מיר גערעדט.

דוד האט איהר ערציילט דעם אמת דאס זיין געשטאר-בענער פאטער איז די נאכט געקומען איהם צו חלום און ער האט

איהם ערציילט די אלע ווארטער וואס איהר געשטארבענע מוטער האט מיט איהר גערעדט.

נאך די ביידע חלומות האט דבורה זיך פעסט בעשלאסען צו פאהרען מיט איהר קראנקען מאן צום בעש"ט. טאמער וועט ער זיין דער מלאך מושיע. זיי האבען זיך פערטיג געמאכט צו דער רייזע און זיי זיינען אוועקגעפאהרען צום בעש"ט.

## ד) די תפלה.

אין יענעם טאג וואס דוד מיט דבורה'ן זיינען געקומען צו דעם בעש"ט. איז דער בעש"ט געזעסען פארשלאסען ביי זיך אין חדר, ער האט געקלערט אגרויסען און א טיפען ענין. ער האט באפוילען זיין גבאי דאס ער זאל קיין מענשען ניט אריינלאזען צו איהם, אויסער ווען עס וועט קומען אקראנקער מאן מיט אווייב, זאל ער איהם באלד מודיע זיין.

ביי דעם בעש"ט אין זאל זיינען געווען פיל אורחים וואס זיינען געקומען פון נאהענטע און פון וויטע לענדער זעהען דעם בעש"ט און מקבל זיין פון איהם אברכה. אבער דער גבאי איז געשטאנען ביי דער טהיר פון בעש"ט'ס חדר און האט קיינעם ניט צוגעלאזען צום בעש"ט.

די טהיר פון גרויסען זאל האט זיך געאפענט און פיר געזונדטע מענשען האבען אריינגעטראגען אבעט. אין איהר איז געלעגען אקראנקער מענש, זיינע קרעכצען און זיפצען האט זיך געהערט פון וויטען און אפרויענצימער איז נאכגעגאנגען נאכן בעט און האט שטארק אבער גאנץ שטארק געוויינט.

זיין קרעכצען און איהר געוויין האט געהארט דער

בעש"ט. עס האָט זיך אין איהם ערוועקט די גרויסע מדה פון רחמנות.

—רבונו של עולם!—האָט דער בעש"ט מתפלל געווען מיט גרויס כונה—די הייליגע חכמים זאָגען דאָס די רשעים ווערן געמשפּט אין גיהנום צוועלף חדשים (עדיות ס׳ פ"ב. שבת לג׳) און דער דוד מוטשעט זיך שוין מעהר ווי צוועלף חדשים, איך בעט דיר רבונו של עולם! זאָל שוין זיין גענוג איהם ליידען יסורים. ער דאַרף שוין ווערן געזונד.

דער גבאי האָט געמעלדעט דעם בעש"ט דאָס אַ קראַנ־קער מענש איז געבראַכט געוואָרען אין זאַל, ער ליגט אין אַבעט און קאָן זיך ניט ריהרען פון אָרט. זיין קרעכצען איז שרעקליך.

— געה זאָג איהם אין מיין נאָמען—האָט דער בעש"ט בעפוילען דעם גבאי—דאָס ער זאָל באַלד אַראָפּקריכען פון בעט און ער זאָל די מינוט אַריינקומען צו מיר אין מיין חדר מיוחד, זאָג איהם אַז דאָס איז מיין ווילען.

דער גבאי איז פון בעש"ט'ס חדר אַרויסגעגאַנגען, אַריינגעגאַנגען אין זאַל. צוגעגאַנגען צום בעט און ער האָט געזאָגט צום קראַנקען: דער בעש"ט רופט אייך צו זיך אין חדר.

דער קראַנקער האָט איהם אָנגעקוקט מיט גרויס פאַר־וואונדערונג. ער האָט איהם געוואָלט ענטפערן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט ריידען קיין איינציגען וואָרט, נור אָנשטאָט איהם האָט זיין פרוי געענטפערט: דער בעש"ט פאַרלאַנגט פון איהם אַזאַ זאַך וואָס ער קאָן ניט. ווען ער וואָלט געקאָנט ריידען און געהען, וואָלטען מיר דאָך צו אייך ניט געקומען בעטען הילף.

דער גבאי איז אַריינגעגאַנגען צו דעם בעש"ט אין חדר און ער האָט איהם געמעלדעט דאָס דער קראַנקער וויל ניט

דאָס הײסט ער קאָן ניט אַראָפּגעהען פון בעט, און ער איז אַרויסגעגאַנגען פון חדר אין זאַל אַריין.

—גאָטט! האָט דער בעש"ט געזאָגט מיט גרויס התלהבות— דו בינסט אַ רחום וחנון, און די הייליגע חכמים זאָגען אַז דו טהוסט מיט דעם מענשען לפנים משורת הדין (ע"ז ד') איך ווייס ביי זיך דאָס איך בין ניט ווערט דיר צו בעטען אַ טובה, ווער בין איך און וואָס בין איך, עפר ואפר (ערד און אַש) נור איך וויל הייַנט מקדש השם זייַן, הייליגען דייַן נאָמען, איך וויל פאַר אַלע געסט ווייַזען אַז דו קאָנסט ממית ומחיה זייַן, מיט איין האַנד שלאָגסט דו אַמענשען פאַר זייַנע חטאים און מיט די צווייטע האַנד הײלסט דו דעם קראַנקען ווען ער קעהרט זיך צו דיר מיט אַנ'אמת, מיט זיין גאַנצען האַרצען, איך ווייס געוויס אַז דער קראַנקער אונגליקליכער דוד איז געוואָרען אַגרויסער בעל תשובה, ווען ניט וואָלט ער צו מיר ניט געקומען בעטען אַז איך זאָל איהם היילען, ראַטעווען פון זייַן קראַנקהייַט, די אמונה וואָס ער האָט, אָ גאָטט! אין דייַן געטרייַען קנעכט, האָט איהם געפיהרט צו מיר אין סכנה'דיגע וועג, בעט איך דיר גרויסער באַרעמהערצעדיגער גאָט! שיק דעם מלאך רפאל ער זאָל איהם היילען פון זיין קראַנקהייַט אין די זעלביגע רגע וואָס איך וועל איהם באַפעלען אַראָבצוגעהן פון בעט, זאָלען אַלע געסט זעהען אַז ווער עס גלויבט אין גאָטט, ווערט באַלד געהאָלפען, דאַרום האָף איך גרויסער גאָטט אַז דו וועסט טהאָן ווי איך בעט פון דיר.

נאָך דער וואַרעמער תפלה האָט דער בעש"ט געאָ־פענט די טהיר פון זיין חדר. ער האָט אַקוק געגעבען אויף דעם קראַנקען מיט אַשאַרפע אויג.

— וואָס ליגסט דו אויף'ן בעט?—האָט דער בעש"ט געזאָגט מיט אַקלינגענדע שטימע—איך האָב דאך דיר

געפֿילען דאָס דו זאָלסט באַלד אַראָפּגעהען פון בעט און אַריינגעהן צו מיר אין חדר איך וויל מיט דיר ריידען. איך וואַרט אויף דיר. אָבער גיכער, שנעלער, איך האָב פיינד אַז מען פאָלגט מיך ניט, הײַם׳קע! (צום גבאי) פיהר איהם אַרײַן צו מיר, און דער בעש״ט איז אַרײַן אין זײַן צימער און האָט די טהיר געלאָזען אָפען.

אַזוי ווי אַמענש וואָס ריהרט זיך אָן מיט זײַן האַנד אָן אַ לעקטרישע מאַשינע, גיבט עס איהם אַטרייסעל אַז זײַן גאַנצער קערפּער ציטערט, אָט אַזוי האָט דוד געציטערט׳ אַלע זײַנע גלידער האָבען זיך געטרייסעלט ווי פון אַשטאַר־קען פיבער, אפילו די פרעמדע געסט וואָס זײַנען בעת מעשה געווען אין זאַל, ווי זיי האָבען דערזעהען דעם בעש״ט און געהערט איהם ריידענדיג, האָבען זיי זיך ערשראָקען ניט ווענינער ווי די יודען וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ דעם באַרג סיני ווי די תורה הקדושה ערצייַלט.

באמת איז קיין וואונדער ניט וואָס זיי האָבען זיך ערשראָקען, זיי האָבען געזעהען אַמערקווירדיגע וואונדערליכע ערשיינונג, דעם בעש״ט פנים האָט געשיינט ווי די ליכטיגע זון אין מיטען העלען טאָג זומער צײַט ווען קיין וואָלקען פאַרשטעלט איהר ליכטיגקייט, פשוט די שכינה האָט אויף איהם גערוהט, זײַנע ווערטער האָבען זיי געהערט ווי עס וואָלט דונערן, אַרום איהם איז געווען ליכטיג אַזוי ווי עס וואָלט ברענען אַגרויסער פייער, אָדער ווי מלאכים וואָלטען געשטאַנען אַרום איהם און אויף איהם פון אַלע זייטען.

ווי דער בעש״ט האָט געענדיגט ריידען און ער איז אַריינגעגאַנגען אין זײַן חדר. האָבען אַלע געסט שטאַרק געקוקט אויף די בעט וואו דוד איז געלעגען. זיי האָבען געוואָלט זעהען וואָס וועט זײַן מיט איהם.

(מגן דוד)

דוד האָט זיך אויפגעהייבען פון בעט, ער האָט זיך געשטעלט און איז לאַנגזאַם געגאַנגען צום חדר וואו דער בעש"ט איז געווען.

דבורה האָט אַגעשריי געגעבען: ה' הוא האלהים! אַקליינינקייט צו זאָגען, שוין עטליכע יאָהר ווי דוד ליגט און קאָן זיך ניט ריהרען, ניט קעהרען, מיט אַמאָל איז ער פון בעט אַראָפּגעקראָכען איינער אַליין אָהן די הילף פון אַמענשען און ער געהט אַליין, אפילו אַ ביסעל הינקענדיג, אַבער דאָך געהט ער, איז זי געוואָרען שטאַרק איבעראַשט, אַז עס האָט ניט געפעהלט זי זאָל פאַלען אין חלשות פון גרויס שרעק און פון גרויס איבעראַשונג.

## ה) ביי דעם בעש"ט אין חדר.

דער גבאי האָט געעפענט די טהיר פון בעש"ט'ס חדר, און דוד איז אַריינגעגאַנגען אין חדר און ער האָט זיך געשטעלט געגען בעש"ט.

שוין לאַנג ווי איהר (דו מיט דיין ווייב) זענט אַרויס-געפאָהרען פון דער היים? האָט דער בעש"ט געפרעגט.

שוין דריי טאָג האָט דוד געענטפערט.

וואָס האָסט דו די גאַנצע דריי טאָג פאָהרענדיג געטראַכט? האָט דער בעש"ט וויטער געפרעגט האָסט דו געהאַט אמונה אַז דו וועסט געהאָלפען ווערען דורך מיין תפלה?

יאָ! האָט דוד געענטפערט ווען ניט דאָס וואָלט איך דאָך צו אייך ניט געקומען.

אז דו וועסט קומען אַהיים אַגעזונדטער האָט דער בעש"ט געפרעגט וואָס טראַכסט דו צו טהאָ? אפשר ווילסט דו דינגען ביי אַפּריץ אַקרעטשמע אָדער אמהל אָדער פעלדער?

ניין ליעבער רבי האט דוד געענטפערט, אקרעטשמע און פעלדער וועל איך שוין קיין מאל ניט דינגען ווען איך זאל אפילו וויסען פון הונגער צו שטארבען, אפריץ זאל מיר געבען אקרעטשמע און פעלדער אומזאנסט וועל איך זיי אויך ניט נעהמען.

פאר וואס בינסט דו אזוי שטארק אין כעס אויף א קרעטשמע מיט פעלדער? האט דער בעש"ט געפרעגט,

וויל האט דוד געענטפערט: ווען אמענש פארברייהט זיך אויף הייסע, בלאזט ער נאכדעם אויף קאלטע... איך בין אונגליקליך געווארען דורך דעם וואס איך האב געוואלט דינגען אקרעטשמע מיט פעלדער, די אלע צרות און יסורים וואס איך האב געליטען ביז היינט, איז אויף מיך געקומען דורך דעם, דארום וויל איך ניט הערען און ניט וויסען דערפון.

דערציייל מיר די גאנצע מעשה, האט דער בעש"ט געזאגט איך וויל וויסען ווי אזוי דו בינסט דורכדעם אונגליקליך געווארען.

דוד האט איהם אלס ערציילט פון אנפאנג ביז ענדע

דעם מלמד וואלסט דו ערקאנען? האט דער בעש"ט געפרעגט און אז דו וואלסט איהם ערקענען וואס וואלסט דו איהם זאגען?

ווען איך וואלט יענעם מלמד ערקאנען האט דוד געענטפערט וואלט איך פאר איהם פאלען אויף דער ערד און קושען זיינע פיס, איך וואלט איהם ניט אבלאזען ביז ער וואלט מיר הייליג פארשפרעכען דאס ער איז מיר מוחל במחילה גמורה פאר מיינע זינד וואס איך האב דענסט-מאל געזינדיגט געגען איהם דערמיט וואס איך האב איהם ניט נעצאלגט, א! יעטצט זעה איך אז יענער מלמד איז געווען אהייליגער מאן, זיינע רייד זיינען האלב מקוים געווארען

(מגן דוד)

ער האָט מיר דענסטמאָל צוויי זאַכען געזאָגט, איז איינע פון זיי מקוים געוואָרען די צווייטע ניט.

וועלכע צוויי זאַכען האָט ער דיר געזאָגט? האָט דער בעש"ט געפרעגט און וועלכע איז מקוים געוואָרען און וועלכע ניט?

ער האָט מיר געזאָגט האָט דוד געענטפערט איינע: דאָס איך וועל די קרעטשמע מיט די פעלדער ניט דינגען. די זאַך איז מקוים געוואָרען, איך האָב ניט געקאָנט דינגען און די צווייטע האָט ער מיר געזאָגט: דאָס עס וועט קומען אַ צייט וואָס איך וועל קומען צו איהם בעטען הילף, ער זאָל מיך ראַטעווען פון מיין אונגליק, דאָס איז ניט מקוים געוואָרען, עס קאָן מעגליך זיין ווען איך וואָלט געקומען צו איהם, וואָלט ער מיך געראַטעוועט פון מיין אונגליק, איך האָב אָבער ניט געוואוסט וואו ער איז, נאָך יעטצט ווען איך וואָלט וויסען וואו ער געפינט זיך, וואָלט איך פאָהרען צו איהם בעטען איהם ער זאָל מיך מוחל זיין פאַר וואָס איך האָב איהם דענסטמאָל ניט געפאָלגט, און געלאַכט פון זיינע אמתע רייד.

וואָס וועסט דו טהאָן האָט דער בעש"ט געפרעגט אַז ער וועט בשום אופן ניט וועלען דיר מוחל זיין?

וועל איך פאַר איהם וויינען און בעטען אַזוי לאַנג האָט דוד געענטפערט ביז ער וועט אויף מיך רחמנות האָבען און מיר מוחל זיין.

און אַז דיין וויינען און בעטען וועט אויך ניט העלפען האָט דער בעש"ט געפרעגט.

דענסטמאָל האָט דוד געענטפערט פריינג איך איהם צו אייך, און אַז איהר וועט איהם זאָגען דאָס ער זאָל מיך מוחל זיין, וועט ער אייך מסתמא געוויס פאָלגען.

און אַז ער וועט ניט וועלען קומען צו מיר? האָט

דער בעש"ט געפרעגט אפשר גלויבט ער ניט אין מיר. פילייכט האלט ער זיך גראָססער פאר מיר אין לערנען און אין פרומקייט. אזוי ווי איך ווייס פון פיל שונאים מיינע, אז זיי זיינען מיך מבטל, זיי טראכטען אויס בלבולים אויף מיך וואס איך האב דאָס קיין מאל ניט געטהאָן, אפילו ניט געטראכט צו טאָן. אפשר איז ער אויך איינער פון מיינע געגנער?

דאָס קאָן ניט זיין האט דוד געענטפערט, איך זיין אשונא, אגעגנער, קאָן נור זיין אמענש וואס איז ניט פרום און ניט קלוג, ווייל איך געדיינק אז ער איז דעמאלט געקומען צו מיר, ניט נור ווייל ער האט געוואלט טהון א טובה זיין בעל הבית, ניין, מיר דוכטזיך אז ער האט גע-האט נאך אנאנדער טיעפע כונה דערביי עס האט איהם איינפאך פארדראסען פאר וואס א יוד זאל משיג גבול זיין א יודען.

איך ערקאָן פון דיינע רייד, האט דער בעש"ט גע-זאָגט אז דו בינסט געוואָרען אנ'אמתר בעל תשובה. און נאך אזאך וואס איך וועל דיר זאגען פאר דיין אוועקפאָה-רען פון מיר, דארום פארדינסט דו געזונד צו ווערען. נור אזוי ווי דו האסט זיך מטמא געוועזן צו זוכען ארפואה פון מכשפים, דארום וועסט דו מוזען נאך איין יאהר אביסעלע צוהינקען, נאכדעם אז דער פלעק פון דעם וועט אבגעוואַ-שען ווערען, וועסט דו אין גאנצען געזונד ווערען.

און אזוי איז געוועזן, פיל מענשען האבען מיט זייערע אויגען געזעהען די גרויסע נסים ונפלאות וואס דער בעש"ט האט געטהאָן מיט דוד'ן.

עטליכע טאג איז דוד געזעסען ביי דעם בעש"ט, פאר זיין אוועקפאָהרען א היים איז ער מיט זיין פרוי געקומען צום בעש"ט בעטען אברכה, האט דער בעש"ט געזאָגט

צו זיי: איהר זאָלט וויסען אַז וויפיל איך האָב אייך געטהאָן אַטובה, האָט איהר נאָך פיעל מעהר אַטובה געטהאָן מיט די געשטאָרבענע, דו דוד דיין פאָטער, און דו דבורה דיינע מוטער, איך וועל דאָס אייך ריכטיג ערקלעהרען: ווען דיין פאָטער און דיינע מוטער וואָלטען צו אייך ניט געקומען צו חלום זאָגען אייך איהר זאָלט צו מיר פאָהרען, וואָלט איהר צו מיר געווים ניט געפאָהרען, איהר האָט געפאָלגט זייער עצה, האָב איך דורך דעם מקדש השם געווען, דערפאַר האָבען זייערע נשמות בעקומען אַגרויסע עליה, זיי האָבען דאָרטען געשטיגען העכער און האָכער ביז גאַנץ הויך, ווען ניט דאָס, דאַרפסט דו וויסען, דוד, אַז דיין זכות איז ביז היינט געווען זעהער קליין, דו האָסט בשום אופן ניט פאַרדינט געזונד צו ווערן, און דיין ווייבס זכות איז נאָך קלענער, ווייל זי האָט דיין הארץ געשטאַרקט אַז דו זאָלסט געהען צום פריץ דינגען ביי איהם די קרעטשמע מיט די פעלדער, הגם זי האָט געוואוסט אַז דערמיט וועסט דו משיג גבול זיין אַגרויסע יודישע פאַמיליע, נור איהר האָט נאָך אַזכות גאָר אַבעזונדערן גליק, אויסער וואָס דו בינסט געוואָרען אַבעל תשובה, איהר האָט צוויי זעהנע, זיי וועלען זיין גרויסע צדיקים, זייערע נשמות זיינען גאָר פון אַהויכען אָרט, צוליב זייער זכות בינסט דו געזונד געוואָרען, דאַרום דאַרפסט דו זעהען מיט אַלע מעגליכקייט דאָס דיינע טהייערע קינדער זאָלען לערנען תורה.

היילינער רבי! האָט דוד געענטפערט מיט התפעלת דיזע לביגע ווערטער, אַקוראַד האָב איך געהערט פון מיין פאָטער עליו השלום אין חלום.

און איך פון מיינע מוטטער האָט דבורה געזאָגט ציטערענדיג די זעלביגע רייד, וואָרט אין וואָרט ׳

רבי! האָט דוד געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען

גיבט מיר אַעצה וואָס זאָל איך אָנהייבען צו טהאָן פאַר אַשטיקל עסק, איך וועל קומען אַהיים זעהר אָרעם, און ווי לאַנג אַמענש לעבט דאַרף ער דאָך האָבען פרנסה צום לעבען.

בייַ דעם זעלביגען פריץ וואָס דו האָסט געוואָלט דינגען דענסטמאָל די קרעטשמע האָט דער בעש"ט געענט-פערט זאָלסט דו קויפען אַוואַלד, פון די ערשטע האָלץ וואָס דו וועסט אויסהאַקען פון וואַלד, זאָלסט דו אַ קלאַפ-טער האָלץ געבען אַנדבה פאַר די „שטיבעל".

אַז עס וועט האַלטען דערבייַ האָט דוד געענטפערט מיט אַגעוויין וועל איך געבען האָלץ אין שטיבעל אויף אַגאַנצען יאָהר. אָבער צו קויפען אַוואַלד דאַרף מען דאָך געבען עטליכע רובל האַנדגעלד, און איך האָב קיין געלד ניט.

זייַ אַמאַמין און פרעג קיין קשיות ניט האָט דער בעש"ט געזאָגט פאָהר אַהיים און דער אמתר „חנון ורחום" וועט דיר העלפען אַז דו וועסט קויפען דעם וואַלד.

דוד און דבורה זייַנען געפאָהרען אַהיים אָהן אַקאָפּיקע געלד, נור מיט אמונה אין גאָט און אין בעש"ט'ס ברכה.

## ו סוף גנב לתליה.

דער דינער פון פריץ וואָס האָט אַמאָל בערויבט דוד'ן אויף דעם וועג, איז אַריינגעפאַלען אין אַגרויסען אונגליק, ער האָט בייַ דעם פריץ געגנב'ת אַגרויסע סומע געלד, און איז פון הויף אַנטלאָפען, דער פריץ מיט זייַנע מענשען האָבען איהם געיאָגט און געחאַפּט, זיי האָבען איהם געבונ-דען און געבראַכט אין הויף, געמאַכט בייַ איהם אַשטרייַנגע אונטערזוכונג (אַנאָבעסקע) האָט דער פריץ בייַ איהם גע-פונען זייַנע געלד און דערצו נאָך הונדערט רענדלעך אין

אַזעקעל וואָס אויף איהם איז געוועזן אויסגעהעפּט פון זייד
אַ „מגן דוד“ מיט דעם אידישען אות (בוכשטאַב) „ד“.

אין יענער צייט פלעגען די פּריצים טהאָן מיט זייערע קנעכט וואָס זיי האָבען געוואָלט, ווי היינט טהוען מענשען מיט זייערע בהמות.

דעם פּריץ האָט זיך געוואָלט שטאַרק וויסען ווי קומט צום דינער הונדערט רענדלעך אין אַזעקעל מיט אַ „מגן דוד“, ער האָט געפרעגט דעם דינער וואו ער האָט דאָס גענומען, אָבער דער דינער האָט ניט געזאָגט וואו ער האָט דאָס גענומען, האָט דער פּריץ באַפוילען זיינע קנעכט זיי זאָלען דעם דינער שמייסען ביז ער וועט זאָגען דעם אמת וואו ער האָט דאָס גענומען.

די דינער האָבען אַזוי געטהאָן, ביז פּופציג שמיץ האָט דער דינער ניט געזאָגט דעם אמת, נאָכדעם האָט ער מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען, האָט ער זיך מודה געווען אַז די הונדערט רענדליך מיט דעם טלית זעקעל האָט ער צוגענומען ביי דעם יודען דוד, און דערצו האָט ער איהם געשאָסען מיט אַקויל אין פוס.

יעטצט פאַרשטייט איהר האָט דער פּריץ געזאָגט פאַר וואָס דוד דאַווידאָוויטש איז ניט געקומען אויף מאָרגען צו מיר דינגען די קרעטשמע מיט די פעלדער, ווייל דער מאָרדער האָט איהם קראַנק געמאַכט, און צוגענומען זיין געלד וואָס ער האָט געבראַכט מיר געבען האַנדגעלד, דערפאַר האָט דער פּריץ געלאָזט שמייסען דעם דינער ביז טויט.

דער פּריץ איז געוועזן פון דער נאַטור זעהער אַנעהר-ליכער מאַן, ער האָט געוואָלט אָבגעבען די הונדערט רענדליך דעם בערויבען דוד'ן, אָבער ער האָט ניט געוואוסט

וואו איהם צו געפינען, האט ער דאס געלד אוועקגעלייגט אויף צינזען

איינינע מאל האט דער פריץ געלאזט דרוקען אין גאזעטען די גאנצע מעשה, און ער האט געבעטען די לע-זער זיי זאלען איהם מודיע זיין די אדרעססע פון דעם בערויבטען דוד, אבער קיינער האט אויף די פראגע געענט-פערט, וויל יודען בכלל האבען וועניג געלעזען די גאזעטען, און אין די קליינע שטעדטלעך האבען די יודען אפילו ניט געוואוסט ווי אגאזעט זעהט אויס.

## ז) אמונה אין גאטט און אין בעש"ט.

דוד און זיין פרוי דבורה זיינען געקומען אהיים בשלום, די גאנצע וועג האבען זיי גערעדט נור פון בעש"ט ; ון פון זיינע וואונדערליכע מופתים.

עטליכע שטונדען האבען זיי זיך פארוהט, נאכדעם האט וד געזאגט: עס איז צייט דאס איך זאל געהען צום פריץ קויפען ביי איהם דעם וואלד

איך האב מורא, האט דבורה געענטפערט, דאס דער פריץ זאל דיר ניט האלטען פאר אמשוגענעם. ווי אזוי וועט ער דיר פארקויפען אוואלד אהן געלד? צו וואס זאלסט דו זיך מאכען פאר אזא גרויסען נאר? זעה דוד דו וועסט האבען פון פריץ בזיונות.

דיין נאטור איז, האט דוד געענטפערט, צו זאגען אלע מאל פארקעהרט, ז ענסטמאל אז דער הייליגער מלמד האט דיך ניט געהייסען געהען צום פריץ, האסט דו מיר געטריבען און געיאגט צום פריץ, יעטצט אז דער בעש"ט האט מיר אנגעזאגט דאס איך זאל יא געהען צום פריץ, זאגסט ד. דאס איך זאל ניט געהען, אלואי וואלט איך דיר דענסטמאל

ניט געפאָלגט, וואָלט איך אַזוי פיל צרות ניט געליטען, דאַ וּם מוז איך פאָלגען דעם בעש"ט, און טאַמער וועט זיין ווי דו זאגסט, איך וועל האָבען חלילה בזיונות, לאַז איך מיך דערפון אויס, אַ יוד איז אַיינגעוואָהנט צו האָבען בזיונות פון די פּריצים, אַבי נישט מעהר ווי בזיונות...
ריידענדיג האָט ער געגעבען אַקוש די מזוזה, און מיט גרויס אמונה אין גאָט און אין בעש"ט איז ער אַוועקגעגאַנגען צום פּריץ.

ווי דער פּריץ האָט איהם דערזעהען, האָט ער געזאָגט פריינדליך: דוד! וואס מאַכסט דו? פאַר וואָס בינסט דו ביז היינט צו מיר ניט געקומען.

ווייל מיך האָט אַגרויסער אונגליק געטראָפען, האָט דוד געענטפערט, איך האב ניט געקאָנט קומען, דוד האָט איהם ערציילט וואס מיט איהם האָט זיך פּאַסירט, אַזוי ווי די לעזער ווייסען שוין די גאַנצע מעשה.

האָסט דו אַסימן אויף דיינע געלד? האָט דער פּריץ געפרעגט און וועמען ביסט דו חושד פאַר אַרויבער?

אַריכטיגען סימן אויף מיינע געלד האָב איך דאָט דוד געענטפערט די הונדערט רענדלעך זיינען געלעגען אין מיין טלית יאַק. אויסגענייט אויף איין זייט אַ „מגן דוד" און אַבוכשטאַב „ד", דאָס איז דער אָנפאַנג פון מיין ווייבס נאָמען „דבורה, זי האָט דאָס מיר אַמאָל געגעבען אמתנה צו אונזער חתונה, און חושד פאַר צרויבער בין איך איינעם פון דיינע דינער ווייל איך האָב געזעהען ווי דער רויבער איז געלאָפען אויף דעם וועג וואָס געהט צום הויף.

דו זאָלסט וויסען דוד האָט דער פּריץ געזאָגט דאס דיינע הונדערט רענדלעך זענען ביי מיר, איך וועל דאס דיר באַלד אָבגעבען, און דער פּריץ האָט איהם ערציילט די

גאַנצע מעשה ווי אַזוי דער רוביבער האָט זיך מודה געווען, אַלזאָ דוד, ווי איך האָב יעטצט פון דיר געהערט, בינסט דו די טעג אויפגעשטאַנען פון אַדריי יאָהריגען קריינק, האָסט ה׳ דאָך מסתמא אויסער די הונדערט רענדליך אַלס פאַר-קריינקט, איך מוז דיר זאָגען דעם אמת: דאָס איך האָב אויף דיר גרויס רחמנות, און דערצו טהוט מיך זעהער לייד פאַר דעם, וואָס דו בינסט אונגליקליך געוואָרען דורך מיינעם אַדנער, נאָך מעהר האָב איך פאַרדרוס וואָס אַביסעל בין איך אויך שולדיג אין דיין אונגליק, ווייל ווען איך וואָלט דיר דעמבטמאָל צוגענומען באַלד ווי דו בינסט צו מיר געקומען, וואָלט דיך דער אונגליק ניט געטראָפען, דאַרום וויל איך מיט דיר גרויס חסד טהאָן, איך פאַרקויף דיר מיין וואַלד פאַר אַביליגערן פרייז ווי האָלץ סוחרים האָבען מיר געבאָטען, אויך וועל איך דיר טהאָן די טובה: דו וועסט מיר בעצאָהלען ניט אויף איין מאָל, נור ביסלעכווייס, וויפיל האָלץ דו וועסט פאַרקויפען, וועסט דו דאָס געלד צוטהיילען העלפט מיר און העלפט דיר, ביז דו וועסט מיר באַצאָהלען די סומע געלד וואָס איך ברויך נעהמען פון דיר פאַר דעם וואַלד, אַדריטע טובה וויל איך דיר טהאָן נאמליך 150 רענדלעך דאָס איז דיינע געלד מיט די פראָצענט פאַר דריי יאָהר און נאָך הונדערט מיט פופציג רענדלעך גיב איך דיר ניט אַמתנה נור הלואה, דו וועסט מיר שפּעטער בעצאָהלען ביסלעכווייז, דערווייל וועסט דו האָבען דריי הונדערט רענד-לעך צו דינגען אַרבייטער זיי זאָלען האַקען די האָלץ, און דו וועסט זיך איינאָרדנען אַוואָהנונג מיט מעבעל, בינסטו צופרידען ?

גרויסער גנעדיגער העררעלע! האָט דוד געענטפערט דיינע : סדים זיינען צו גרויס.

(מגן דוד)

מעהר האט דוד ניט געקאנט ריידען פון גרויס שמחה ער האט דעם פריץ געקושט זיינע האנד און פיס.

דער פריץ האט איהם געגעבען די דריי הונדערט רענדלעך מיט אקאנטראקט דאס ער האט איהם פארקויפט דעם גאנצען וואלד. ער מעג אויסהאקען האלץ וויפיל אין וואלד איז פאראן

ווי דוד איז געקומען אהיים איז דבורה געלאפען איהם אנטקעגען און האט געפרעגט: נו דוד, וואס הערט זיך? האסט דו געבראכט גוטע נייעס?

אנשטאט אנ'ענטפער האט דוד געשריען: א! געזונד זאל זיין דער הייליגער בעש"ט. ער איז דאס אגאטליכער מאן, אהייליגער רבי! לאנג לעבען זאל ער!

ערצעהל מיר דייטליך האט דבורה געבעטען וואס איז דארטען ביי דעם פריץ געוועזען.

דוד האט איהר אלס ערצעהלט, האט דבורה ניט געקאנט זיך אבוואונדערן..

## ח) גליקליך איבער גליקליך.

אין א יאהר צייט איז דוד רייך געווארען.

דער פריץ האט איהם ערקאנט פאר אנ'ערהליכען מאן האט ער איהם פיל געשעפטען איבערגעגעבען און די הצלחה איז געווארען מיט איהם זעהער שטארק בעפריינדעט

דוד איז אלע טאג רייכער געווארען. ער האט פיל צדקה געגעבען. צוויי מאל א יאהר פלעגט ער מיט זיינע זארגע פאהרען צום בעש"ט, די נסיעה האט איהם יעדעס מאל פיל געלד געקאסט, אין שטאדט וואו דער בעש"ט האט געוואהנט ווען דוד מיט זיינע צוויי קינדער פלעגען קומען, איז דארטען געווארען ששון ושמחה, וויל פיל ארעמע

מענשען האָט דוד געשטיצט, זיין צדקה האָט געהאַט אַג-
רויסען נאָמען און דערפאַר האָט איהם דער בעש"ט זעהער
שטאַרק מקרב געוועזען.

אַמאָל איז דוד געזעסען ביי דעם בעש"ט ער האָט
געזעהען ווי דער בעש"ט ווייזט איהם אַפריילעכען פנים.
האָט זיך דוד געמאַכט גרויס קוראַזש און האָט געזאָגט:
הייליגער רבי, די חסדים וואָס איהר האָט מיט מיר ביז
היינט געטהאָן קענען דאָס עלטער'ן ניט טהאָן אַקינד, לעבען,
געזונדט און עשירות האָט איהר מיר געגעבען נור איך וויל
אייך בעטען נאָך איין חסד זאָלט איהר מיט מיר טהאָן,
איהר זאָלט מיר זאָגען וואו איך קאָן זעהען דעם הייליגען
מלמד וואָס מיר האָבען אַמאָל פון איהם גערעדט.

דו האָסט איהם שוין פיל מאָל געזעהען האָט דער
בעש"ט געענטפערט און יעטצט זעהסט דו איהם אויך. דען
איך בין דענסטמאָל געוועזען דער מלמד,

אויב אַזוי האָט דוד געזאָגט מיט גרויס התלהבות וויים
איך יעטצט אַז איך בין גליקליך איבער גליקליך.

די ברכות וואָס דער בעש"ט האָט דוד'ן געבענשט
זיינען מקוים געוואָרען. דוד האָט געלעבט גליקליך אויף דער
וועלט און ער האָט זיך אָנגעגרייט פיל גוטעס אויף
יענער וועלט.

דער בעש"ט איז נאָך ניט געשטאָרבען און ער וועט
קיין מאָל ניט שטאַרבען *) ווייל זייע הייליגע רייד וועלען
עקסעסטירען אויף. עוויג ווער עס האָרט זיי איז זוכה צו
ביידע וועלטען און אויף עוויג איז ער גליקליך.

---

*) אונזערע חכמים גאגען: צדיקים אפילו במיתתן קרוים חיים (ברכות יח'
בר"ר איוש פ' לך לך) דאס איז טייץ: די צדיקים אפילו ווען זיי שטארבען ווערען
זיי גערופען „לעבעדיגע.

שר של ים.

# דיא

# פייערדיגע ליעבע

## אזוי גוט וויא א ראמאן

דיא [illegible] לערנט אונז א מוסר השכל וויא אזוי א מענש קאן באהערשען זיין יצר הרע, זיינע בייזע געדאנקען, אונ אנפאנגען געהען בדרך הישר, ווערען א אמת'ר בעל תשובה אונ דאדורך זיך גליקליך מאכען.

פרייא בעארבייטעט פון יהושע הלוי מזח



# ווילנא

שנת תרנ"ז לפ"ק

---

ДІЕ ФЕЙЕРДІГЕ ЛИБЕ

т. е. Пламенная любовь. Соч. О. Мейлаха.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА.

Въ типографіи Л. Л. Маца, на К[illegible]омъ переулкѣ домъ № 119½

1897 г.

# א.

## דִיא שֵׁיינֶע חַנָּה.

אִין רבי עקיבעס צייטין הָאט גֶעוָואהנְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַבייכֶער מאַן זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען „נתן צוציתא“. עֶר הָאט גֶעהַאט פֶעלְדֶער אוּנ וַויינְגֶערְטְנֶער שָׁאף אוּנ רִינְדֶער. קְנֶעכְט אוּנ דִינְסְטֶען, גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער. זַיינֶע גֶישֶׁעפְטֶען הָאט זִיךְ פַארְבְּרֵייטֶעט אִין פִיל לֶענְדֶער אַרוּם אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. זַיין גְרוֹיסֶען פֶערְמֶעגֶען הָאט עֶר גֶירַשְׁת פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין. עֶר אִיז בַּייא זַייא גֶעוֶועזֶען אַבֶּן יָחִיד, זַייא הָאבִּין אִיהם שְׁלֶעכְט עֶרְצוֹיגֶען. זַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען אִיהם אַיינְגֶעוָואהנְט אַרוּם צוּ גֵיין לֵיידִיג, וּמה יעשׂה הבן שלא יחטא? עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיס גֶעלַאסֶען, עֶר הָאט גֶעזוּכְט פֶערְשַׁיידֶענֶע פֶערְגֶעניגֶען, עֶר הָאט פַארְבְּרַאכְט זַיינֶע בֶּעסְטֶע יָארֶען אִין נַארֶעשְׁקֵייט... נַאכְהֶער אַז זַיינֶע עֶלְטֶערֶען זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ עֶר הָאט פוּן זַייא גֶעעֶרְבְּט אַגְרוֹיסֶען פַארְמֶעגֶען, אִיז עֶר גֶעוָוארֶען נָאךְ אַגְרֶעסֶערֶער פַארְלַאטַאן, עֶר הָאט גֶעזוּכְט גוּטֶע פְרַיינְד עֶר זָאל קֶענֶען פַארְשְׁוֶוענְדֶען דִיא צֵייט, אוּנ אַז אַגְבִיר זוּכְט גוּטֶע פְרַיינְד בֶּעקוּמְט עֶר וִויא שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע״ה הָאט גֶעזָאגְט: הון יוסיף רעים רבים (משלי י״ט), נָתָן אִיז גֶעוֶועזֶן אַבָּחוּר אוּנְפֶערְהֵייַראט, דַארוּם הָאט עֶר גֶעזוּכְט גוּטֶע פְרַיינְד וָואס דָארְט זַיינֶען פַאראַן שֵׁיינֶע פְרוֹיעֶנְצִימְמֶער, אוּנ אַז מֶען זוּכְט גֶעפִינְט מֶען, עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען אַגוּטֶען פְרַיינְד זַיין נָאמֶען אִיז גֶיוֶועזֶען יוֹסֵף, בַּייא אִיהם צוּ הוֹיזֶע פְלֶעגְט עֶר קוּמֶען טָאג טֶעגְלִיךְ, עֶר הָאט לִיבּ גֶעהַאט צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶען מִיט יוֹסֵף'ס פְרוֹיא, אִיהר נָאמֶען אִיז גֶיוֶועזֶן חנה. נתן פְלֶעגְט דָארְט פַארְשְׁוֶוענְדֶען פִיל גֶעלְד, וַוייל חנה אִיז אִים גֶעוֶועזֶן גֶעפֶעלִיג... וִויא אִיז גֶעוֶועזֶן דִיא שֶׁענְסְטֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער אִין אִיהְרֶע צֵייטֶען, אַזַא שֵׁיינֶע פְרוֹיא אִיז אִין גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעוֶועזֶן, וֶוער עֶס הָאט אִיהר גֶיזֶעהֶען הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶאנְט זַאט אָנְקוּקֶען אִין אִיהר שֵׁיינֶעם לִיכְטִיגֶען פָּנִים, דִיא גְרֶעסְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אִיהר שֵׁיינְהַייט בֶּעוְואוּנְדֶערְט, דֶער צוּ הָאט דִיא נַאטוּר

איהר בּענאַבּט מיט נאָך אַנדערע מַעלות, זיא איז געוועזען פרום אונ קלוג, געבּילדעט אונ גוט ערצויגען, זיא האָט רַחֲמָנוּת געהאַט אויף אָרעמע לייט, זיא האָט געשטיצט אַלְמָנות אונ יְתוֹמִים, פיל נאָטהבּעדערפטיגע האָבּען בּייא איהר געפונען זייער הילף, איהר נאָמען איז געוועזען בּעוואוסט אין גאַנצען לאַנד אַלס אויסנאַהמע פרויא.

פיל מאָל פלעגט זיא בּעטען איהר מאַן יוסף ער זאָל מיט נתן צוציתא קיינע גרויסע געזעלשאַפט מאַכען, ווייל ער איז אַסאַלאַמאַן. ער קאַן אמענשין פאַרפיהרען אין אשלעכטען וועג, יוסף פלעגט איהר ענטפערען זייא רוהיג, חנה, ער וועט מיך ניט פאַרפיהרען, ווייל איך האָבּ דיר פאַר אַפרויא וועסט דוא מיר גיט לאָזען קלאַנגען, נישט קשה, נתן וועט התונה האָבּען, וועט ער אויך ווערען רוהיגער, זאָל ער דערווייל מְקַיים זיין דעם פסוק: „שְׂמַח בָּחוּר בְּיַלְדוּתֶךָ".

— פון אַזא שמחה — האָט חנה געזאָגט — קאַן אמאָל ווערען טרויעריג, איך האָבּ מורא, יוסף, דער נתן איז צו פיל פּרייא געוואָגען, ער ערלויבּט זיך צו פיל... ער איז אַגעפעהרליכער

— ער מעג זיין ווער ער איז — האָט יוסף געענטפערט — דער ווייל ניט ער אונז גוטע געשעפטען, מיר פאַרדינען דורך איהם פיל געלד, ער איז אַגביר אונ אַקלוגער יונגער מאַן, מאַכט ער אַפט מאָל אַגלייך ווערטעל, אשפאַס... ער מיינט דער מיט גאָר נישט. —

— אָבּער הער וואָס אין שטאָדט רעדט מען פון איהם — האָט חנה געזאָגט — אשרעק צו הערען.

— פון „ריידען" „זאָגען" — האָט יוסף געענטפערט — איז קיין בּעווייז, דער טייוועל איז ניט אַזויא גרויס וויא מען שטעלט זיך איהם פאַר.

— נעה יוסף האָט חנה געזאָגט — איך האָבּ מורא דאָס דו זאָלסט לסוף ניט דאַרפען שטאַרק חרטה האָבּען.



(פייערדינע ליבע) דיא

# ב.

## דיא ־פַייעֶרְדִינֶע לִ׳בֶּע .

נָתָן פְּלֶעגְט קוּמֶען צוּ יוֹסֵפִין מַאכֶען ״אַגְלַייךְ וָוערְטֶעל״ ״אַשְׁפָּאס״ , עֶר הָאט אַזוֹי לַאנְג גֶעשְׁפַּאסְט בִּיז עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעלִיבְּט אִין דִיא שֵׁיינֶע חנה , אִין אָנְפַאנְג הָאט עֶר דִיא לִיבֶּע פַארְבָּארְגֶען , עֶר הָאט נִיט גֶאנְצְלִיךְ אַרוֹיס גֶעוִויזֶען , נוּר מִיט דֶער צֵייט אַז דִיא לִיבֶּע הָאט אִין אִיהם אָנְגֶעפַאנְגֶען בְּרֶענֶען וִויא אַפַייעֶר , הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט זִיךְ צוּרִיק הַאלְטֶען , עֶר הָאט עֶנְדֶעקְט זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען אִין דִיא אוֹיעֶרִין פוּן דִיא שֵׁיינֶע חנה . אִין אָנְפַאנְג מִיט ״אַגְלַייךְ וָוערְטֶעל מִיט אַשְׁפָּאס״ . . . נַאכְהֶער גַאנְץ עֶרִינְסְט , זַייא וְוימֶען שֵׁיינֶע חנה — הָאט עֶר אַמָאל צוּ אִיהר גֶעזָאגְט בְּעֵת יוֹסֵף אִיז נִיט גֶעוֶוען צוּ הוֹיזֶע — אִיךְ הָאבּ מִיר בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ הֵיירַאטְהֶען וֶוען אִיךְ זָאל בֶּעקוּמֶען אַזַא שֵׁיינֶע פְרוֹיא וִויא דוּא בִּינְסְט , אִיךְ וָואלְט נִיט קוּקִין אוֹיף אַבְּתוּלָה דַוְקָא , זִיא מֶעג זַיין אֲפִילוּ אַגֶעשִׁידֶענֶע פוּן אַמַאן , נוּר זִיא זָאל הָאבֶּען דִיא זֶעלְבֶּע מַעֲלוֹת וָואס דוּא הָאסְט וָואלְט אִיךְ זֵייעֶר צוּ פְרִידֶען זַיין .

— עֶס זַיינֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וֵוייניג בְּתוּלוֹת פַארַאן ? — הָאט חנה גֶעעֶנְטְפֶערְט — אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען וֶועסְט דוּא בֶּעקוּמֶען אַפְרוֹיא פִיל אַשֶׁענֶערֶע וִויא אִיךְ בִּין , אוּנ מִיט מֶעהר מַעֲלוֹת וִויא אִיךְ בֶּעזִיטְץ .

— דוּא הָאסְט אַטְעוּת חנה — הָאט נתן גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַפַייעֶרְדִינֶע לִיבֶּע — נָאךְ אֵיינֶע וִויא דוּא , אִיז אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט נִיטָא , דוּא אַיינֶע קָאנְסְט מִיךְ פַארְזִיסֶען מַיין לֶעבֶּען אִיךְ וָואלְט מִיךְ שֶׁעטְצֶען פַאר דֶעם גְלִיקְלִיכְסְטֶען מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט וֶוען אִיךְ זָאל דִיר בֶּעקוּמֶען פַאר מַיין פְרוֹיא אוֹיף עֶוִויג .

— רֵייד נִיט אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייט — הָאט חנה גֶעזָאגְט — אִיךְ בִּין אַיין אֵשֶׁת אִישׁ אוּנ לִיבֶּע מַיין מַאן .

— דוּא וֶועסְט בַּייא מִיר אַבֶּעקֶערֶען לֶעבֶּען פַארְבְּרֵיינְגֶען מִיט

מֶעהר פֶּערְגֶענִיגֶען · — הָאט נתן גֶעזָאגְט איךְ װָעל דיר שֶׁעטְצֶען אונ עֶהרֶען, דוא װָעסְט גְלִיקְלִיךְ זַיין פַאר מִיר — פִיל גְלִיקְלִיכֶער װִיא דוא בִּינְסְט פַאר אִיהם . . .

— איךְ פַארְשְׁטֵייא נִיט — הָאט חנה גֶעעֶנְטְפֶערְט — צוּ װָאס בְּרוֹיכְסְט דוא הַייַראַטְהֶען מִיט אַפְרוֹיא װָאס הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אַמַאן, װָען דוא קָאנְסְט בֶּעקוּמֶען דִיא שֶׁענְסְטֶע אונ דִיא בֶּעסְטֶע בְּתוּלָה פוּן יְרוּשָׁלַיִם ? — אונ װָאס װֶעט דִיא װֶעלְט אוֹיף דֶעם זָאגֶען ?

— װָאס בֶּעקִימֶערְן מִיר אוּנְז פַאר דִיא װֶעלְט — הָאט נתן גֶעזָאגְט — זָאל דִיא װֶעלְט זָאגֶען װָאס זֵייא װִילֶען, אַבִּי אוּנְז װֶעט זַיין גוּט, איךְ לַאךְ מִיךְ אוֹיס פוּן דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט, זֵייא װֶעלֶען אִין אָנְפַאנְג זָאגֶען רֵיידֶען, בִּיז זֵייא װֶעלֶען דִיא מַיילֶער פַארְמַאכֶען.

חנה הָאט שׁוֹין גֶעװָאלְט פוּן אִיהם פָּטוּר װֶערֶען, אָבֶּער װִיא אַזוֹי װֶערְט מֶען פָּטוּר אַזַא סַארְלַאטַאן ? זִיא הָאט אִיהם קַאלְט בְּלִיטְהִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט : איךְ גְלוֹיב דִיר נתן אַלֶע דַיינֶע װֶערְטֶער, אָבֶּער װִיא אַזוֹי װֶעט מִיר מַיין מַאן גֶעבֶּען גֵט ? דוא װֵייסְט דָאךְ דָאס עֶר לִיבְּט מִיךְ נִיט װֵייניגֶער װִיא דוא הָאסְט מִיךְ לִיב, מִיר דַאכְט זִיךְ דָאס נִיט פַאר כָּל הוֹן דְעַלְמָא װֶעט עֶר װָעלֶען מִיר גֵט גֶעבֶּען.

— דָער צוּ הָאבּ איךְ אַיין עֵצָה — הָאט נתן גֶעזָאגְט — קוֹים הָאסְט דוא מִיךְ לִיבּ אונ פַארְשְׁפְּרֶעכְסְט מִיר מִיט מִיךְ חֲתוּנָה הָאבֶּען װָעל איךְ דִיר בֶּעפְרַייעֶן פוּן דַיין מַאן.

חנה אִיז פֶערְצִיטֶערְט גֶעװָארֶען הֶערֶענְדִיג זַיינֶע רֵייד, אַקְשְׁיָא אוֹיף אַזַא סַארְלַאטַאן — הָאט זִיא זִיךְ גֶעטְרַאכְט — אַקְשְׁיָא װָאס אַזַא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶער מֶענְשׁ קָאן טָאן. איךְ מוּז אִיהם פוּן דַאנֶען פַארְטְרַייבֶּען. אוֹיסְװאוּרְצְלֶען דֶעם שׁוֹרֶשׁ פּוֹרֶה רֹאשׁ וְלַעֲנָה פוּן זַיין הֶערְצֶען. איךְ װֶעל אִיהם אָן אַגְלַייכְװֶערְטֶעל אונ אָן אַשְׁפַּאס זָאגֶען עֶר זָאל זִיךְ נִיט אַיינְרֵיידֶען פּוּסְטֶע חֲלוֹמוֹת. זִיא הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט װִיא זִיא זָאל פוּן אִיהם בֶּעפְרַייט װֶערֶען.

— דוא טְרַאכְסְט מַיין לִיבֶּע חנה — הָאט נתן גֶעזָאגְט — דוא שְׁװַייגְסְט אונ קְלֶעהְרְסְט . . . גֶעװִיס זַיינֶען דִיר מַיינֶע רֵייד גֶעפֶעלֶען.

רֵיידֶענְדִיג (פֵייעֶרדִיגֶע לִיבֶע)

ביידענדיג האט ער איהר ארומגענומען אונ מיט אפייערדיגע ליבע אקוש געגעבען.

— אויב דוא ווילסט ניט האבען בזיונות — האט חנה געזאגט — אנטלויף פון דאנען, דיין פערלאנג קאן קיין מאל ניט ערפילט ווערען, גייא אוועק פון מיר מיט גוטען וועז ניט מאך איך אגעשרייא אליארעם עס װעלען צו זאמען לויפען אללע שכנים, וועסט דוא פארארטהיילט ווערען וויא דער גרעסטער מערדער.

נתן האט געזעהען דאס זיא מאכט קיין ספאס, קיינע גלייכ-ווערטליך, דער צו האט ער געזעהען דורכין פענסטער דאס יוסף קומט צו הויזע, איז ער אויפגעשטאנען פון זיין ארט, ער האט איהר געוואלט מיט געוואלד געבען אקוש, זיא האט איהם אבער מיט ביידע הענד אבגעשטויסען פון זיך, איז ער אוועק געגאנגען.

## ג.

## נתן׳ס קראנקהייט.

נתן האט אנגעווענדעט אללע זיינע קרעפטין איהר צוצובעקומען, אבער אומזאנסט וואר זיין מיה, בייא איהר צו הויזע האט ער מעהר ניט געטארט קומען, אונ וען ער האט איהר אמאל באגעגענט אויף דער גאס. פלעגט זיא פון איהם אנטלויפען וויא פון אביין שלאנג, פון גרויס ליבע אונ פון פיל פארדרוס איז נתן קראנק געווארען, ער האט זיך קורירט בייא דיא גרעסטע רופאים, ער האט זיך געלאזט קאסטען פיל געלד זיין לעבען צו רעטען, אבער ליידער, די דאקטורים האבען איהם געזאגט דאס ער איז זייער געפעהרליך, זיין קראנקהייט איז ניט קיין גלייך ווערטעל אונ ניט קיין שפאס, ער קאן ניט געזונד ווערען שיידען ער זאל זיין תאוה ערפילען, אונ וויא לאנג חנה איז צו איהם הארטנאקיג, וויא לאנג זיא וועט זיך ניט איבער געבען אין זיינע הענד וועט זיין קראנקהייט זיך שטארקען אונ גרעסער ווערען,

(פייערדינע ליבע) אונ

און ער װעט מוזען שטארבען דורך גרױסע יסורים . . .

אויף נתן צוזיכתא איז אויסגעזאָגט געוואָרען גאַנץ צאַרען, יעדען טאָג איז ער ערגער געוואָרען, די קראַנקהייט האָט זיך געשטאַרקט ער איז זייער געפֿעהרליך געוואָרען, די רופֿאים האָבען צו זיין קראַנקהייט קיין מיטעל געפֿונען. זייערע מעדיצין האָט ניט געהאָלפֿען. ער האָט זייער פֿיל שמערצען געליטען וויא די נאַטירליכקייט איז צו ליידען פֿון אַזאַ שטאַרקע קראַנקהייט... נתן האָט זיך צו בערייט צו גיין בדרך כל הארץ.

די דאָקטורים האָבען זיך בעראטהען מיט די חכמי ישראל געבעטען זייא פֿילייכט וועלען זייא געפֿינען אַמיטעל ער זאָל קענען פֿון זיין קראַנקהייט געראַטעט ווערען. . . די חכמי ישראל האָבען געזאָגט דאָס עס איז בעסער, שענער און גלייכער דאָס נתן זאָל שטאַרבען און ניט מטמא זיין אַ אשת איש, די רופֿאים האָבען נאָך אַמאָל געבעטען די חכמי ישראל דאָס זייא זאָלין על פי דרך התורה געפֿינען אַמיטעל איהם ערלויבען נור מיט איהם צו ריידען און דורך דעם האָפֿפען זייא קאָן ער געהאָלפֿען ווערען פֿון זיין קראַנקהייט, ווייל דורך דעם זעהען און ריידען אַליין מיט איהר וועט זיין יצר הרע זיך באַגנוגענען און וועט פֿון איהם אַביסעל אָבטרעטען, אָבער די חכמי ישראל האָבען געזאָגט: מען טאָר ניט, פֿאַר איהם איז קיין מיטעל פֿאַראַן, עס איז גלייכער, שענער און בעסער דאָס ער זאָל שטאַרבען און מיט איהר ניט ריידען, די דאָקטורים האָבען זיך געווענדעט צו חנה׳ן, זיא אָבער האָט זייא גאָר ניט געוואָלט ענטפֿערין, זייא זיינען פֿון איהר אַוועק געגאַנגען מיט גרױסע בזיונות . . .

טאָג און נאַכט האָט נתן געקלערט און געזוכט נייע פּלאַנער, נייע מיטלען וויא אַריינצוהאָפֿען זיין געליבטע אין זיין נעץ, ער איז געפֿאַלען אויף אַנייעם פּלאַן, פֿילייכט וועט מיר געלינגען אויף אַנאַנדער אויפֿין — האָט זיך נתן געטראַכט — איך וועל זוכען מיטלען אָרעם צו מאַכען יוספֿ׳ן, און מיט איין אָרעמאַן קאָן מען מאַן וואָס מען וויל, דורך נאָטה און הונגער טהוט אָפֿטמאָל דער

פיינסטער פרומסטער מענש דאס וואס ער וויל ניט טאן, דורך ארעמקייט פאר־קויפט מען דעם גוף מיט דער נשמה... איך וועל צו נעהמען פון יוסף'ן אללע זיינע געשעפטען, און איך וועל בעטין אללע זיינע בעקאנטע דאס זייא זאלין מיט יוסף'ן קיינע עסקים מאכען, און אבציהען פון איהם אללע קאנטעס, נתן האט געוואוסט דאס יוסף איז ניט אים שטאנד אללע זיינע חובות צו בעצאהלען, וועט ער מוזען אנטלויפען, דענסטמאל וועט חנה בלייבען ארעם און עלענד, וועט זיא זיך פרייען דאס איך וועל איהר שטיצען, אויף איהר רחמנות האבען, דורך דעם וועט זיא פארליערען איהר שטאלץ, איהרע פרומקייט וועט זיא פארבייגען אן אנייט, און אויב יוסף וועט ניט וועלען אנטלויפען וועט מען אים איינשפארען אין געפענגעניס 1).

דיא עצה איז דיא בעסטע — האט נתן זיך געטראכט — עס דארף זיין געערדט און געטאן, ער האט פון יוסף'ן צו גענומען אללע זיינע עסקים אויך יענע סוחרים וואס פלעגען האנדלען מיט יוסף'ן האבען אויך אזוי געטאהן, יוסף איז געבליבען אהן געשעפטען דיא הצלחה זיינע איז פון איהם אויך אנטלאפען. ער איז געבליבען אגרויסער בעל חוב און זייער ארעם, זיין שטיקעל טרוקענע ברויט האט ער פארדינט דורך גרויסע מאטערניש און וואס מעהר ער האט געארבייט געהארעוועט איז ער געווארען מעהר ארעם און אגרעסערער בעל חוב. ווייל נתן האט איהם אללע וועגען פארשטעלט. ער האט

קיין

1) אמאל ווען איינער האט ניט געהאט צו בעצאהלען אחוב, פלעגט מען איהם איינשפארען (איינזעטצען) אין געפענגעניס, ביז ער האט געמוסט באצאהלען דעם חוב, היינט איז דער דין בטל געווארען, מען זעטצט נור אין טורמע, יענעם וואס טהוט נעגען דיא לאנדעס געזעטצע און דעם סוחר וואס צאהלט קיין חוב, איהם שפארט מען איין נור ווען ער האנדעלט לכתחילה ניט עהרליך... בכלל איז פאראן אין דעם ענין פיל דינים וואס גיט דא איז דער ארט אלס דייטליך צו ערקלעהרען.

(פ״יערדיגע ליבע)

קַיין פֶּענִיג פַארְדִינְט, מִיט דֶער צַייט הָאט אִיהם אָנְגֶעפַאנְגֶען פֶעהלֶען בְּרוֹיט, עֶר מִיט חנה'ן הָאבֶּען גֶעהוּנְגֶערְט, חנה הָאט גֶעוואוּסְט דָאס דוּרְךְ אִיהר אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף זַייא דֶער אוּנְגְלִיק, דִיא אָרֶעמְקַייט, הָאט זִיא מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גֶעוֶועזֶען, זִיא הָאט ־קַיין מָאל נִיט גִיגֶעבֶּען אַזִיפְץ אַקְרֶעכְץ, זִיא הָאט אַלְלֶע מָאל גֶעזָאגְט. גָאטְט אִיז גִירֶעכְט אוּנ זַיין מִשְׁפָּט אִיז רִיכְטִיג, גַם זוּ לְטוֹבָה!

דִיא בַּעֲלֵי חוֹבוֹת וָואס הָאבִּין יוֹסף'ן אִין דִיא גוּטֶע יָאהרֶען גֶעלְד גֶעלִיהֶען, הָאבֶּען גֶעוַוארְט אַלַאנְגֶע צַייט אוּנ אַז זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס יוֹסף וֶועט זַייא נִיט בַּאצָאהלֶען אוּנ זַייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהם מֶעהר נִיט צוּ הָאפֶען, הָאבִּין זַייא גֶעפָאלְגְט נתן'ס בִּיטְטֶע אוּנ הָאבִּין יוֹסף אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אִין גֶעפֵיינְקֶענִיס, דָארְטֶען הָאט עֶר גֶעמוּזְט שְׁוֶוער אַרְבַּייטֶען בִּיז עֶר וֶועט דִיא חוֹבוֹת בַּאצָאהלֶען.



## ד.

## דִיא אֵשֶׁת חַיִל.

וֶוער עֶס הָאט דִיא פְרוֹיא חנה גִיקֶאנְט אוּנ גֶעוואוּסְט וִויא אַזוֹי זִיא הָאט אַמָאל גְלִיקְלִיךְ גֶעלֶעבְּט, בַּייא אִיהר אִין שְׁטוּב אִיז אַלֶע מָאל גֶעוֶועזֶען פְרֵיילִיךְ, לוּסְטִיג, לֶעבֶּעדִיג, פִיעל מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אִיהר מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען, זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען אַזַא לֶעבֶּען צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶען וִויא זִיא לֶעבְּט, דִיא שֶׁענְסְטֶע מֶענְשֶׁען אוּנ דִיא רַייכְסְטֶע פָארְנֶעהמְסְטֶע פוּן שְׁטָאדְט הָאבֶּען אִיהר הוֹיז בֶּעזוּכְט. בַּייא זַייא אִיז גִיוֶוען אַיין עֶהרֶע וֶוען חנה הָאט זַייא גֶעצַייגְט אַיין פְרַיינְדְלִיכֶעס גֶעזִיכְט, וָואס זִיא הָאט גֶערֶעדְט אִיז גִיוֶוען אַחָכְמָה, קָאמְפְּלִימֶענְטֶען הָאבֶּען זִיךְ פוּן דִיא גֶעסְט גֶעשָׁאטֶען, אַיינֶער הָאט גֶענָאנְט; דָאס בַּייא נַאכְט וואו חנה זִיטְצְט, בְּרוֹיךְ מֶען קַיין פַייעֶר,

ווייל איהר פּנים איז ליכטיגער וויא די זון, און איינער האט געזאגט; ביי חנה'ן אז מען קומט הונגעריג, ווערט מען באלד זאט אקוק געבענדיג אויף איהר פּנים, יעטצט האט זיא אלס פארלאהרען, איהר בייכקייט, איהרע געסט, איהר מאן זיטצט אין געפיינקעניס, אמלאכה האט זיא ניט גילערינט, אלע האבען געגלויבט דאס זיא וועט אזעלכע צרות ניט קאנען אריבער טראגען, נור גאטט הנותן ליעף כח, האט איהרע צארטע האנד געשטארקט, די גאנצע צייט וואס יוסף איז געזעסן איינגעשפּארט אין גיפיינקעניס האט זיא זיך מפרנס גיוועזען דורך איהרע האנד ארבייט, זיא האט געשפּונען פלאקס און וואל, דורך איהרע פלייסיגע ארבייט האט זיא פאר דינט זיך צו ערנעהרען און עס איז איהר נאך איבער געבליבען פאר איהר מאן אויך, אללע טאג האט זיא איהם אין געפיינקעניס געבראכט אלעס וואס ער האט נייטהיג געהאט, זיא האט פאר איהם געזארגט דאס ער זאל איהם קיין זאך פעהלען, נור יוסף האט זיך זייער שטארק געקוואלען דורך די שלעכטע לופט פון געפיינקעניס און דורך זיינע איינזאמקייט, מיט די גראסטע אונגעדולד פלעגט ער יעדען טאג ערווארטען זיין פרויא, זיא פלעגט קומען צו אבעשטימטע צייט, יענע מינוטען וואס חנה איז ביי איהם געוועסען האט ער זיך געפילט גליקליך, זיין מאס צרות איז אבער געוועזען נאך ניט פול, מיט דער צייט האבען זיך זיינע צרות פאר גרעסערט:

די בעלי חובות האבען ערפאהרען דאס חנה קומט צוא איהם אין געפיינקעניס, און יעדען טאג בריינגט זיא איהם עססען-ווארג און גוטע געטריינקע, האבען זייא באפוילען די אויפזעהער אין טורמע דאס מען זאל איהר ניט ערלויבען אריינטראגען דארט קיין שפּייז, זאל ער עססען ברויט מיט וואססער וויא אלע געפאנגענע, דענסטמאל האט יוסף אנגעפאנגען פילען וואס בעדייט אגעפיינקעניס, ער איז מיט זייערע שפּייז ניט גיוועזען געוואוהנט, ער האט דארט אין

טוּרְמָע גֶעהַאט גְרוֹיסֶע צָרוֹת, עֶר הָאט גֶעלִיטֶּען הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט, זַיינֶע לֵיידֶען זַיינֶען גֶעוועֶזען אִיבֶּער נַאטִירְלִיךְ אוּנ אוּנְעֶרְטְרֶאגְלִיךְ, עֶר אִיז דָארְט אוֹיס גֶערִיסֶען גֶעוואָרֶען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען דֶעם טוֹיט, עֶר הָאט גֶעזָאגְט: בֶּעסְסֶער שְׁטַארְבֶּען אֵיין מָאל, אֵיידֶער אַזַא בִּיטֶערֶען לֶעבֶּען צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶען אַזַא לַאנְגֶע צַייט אִין אַפִּינְסְטֶערֶע גְרוּבּ אִין טוּרְמָע:



# ה.

## דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער וואוּנְשׁ.

ווַיְהִי הַיּוֹם. אֵיין טָאג, אִיז חנה גֶעקוּמֶען אִין גֶעפֶינְגְנִיס. הָאט יוסף צוּ אִיהר גֶעזָאגְט: הֶאר מִיר צוּ, מֵיינֶע לִיבֶּע פְרוֹיא, וָואס אִיךְ ווֶעל דִיר זָאגֶען: אִיךְ ווֵייס גַאנְץ גוּט דָאס גָאט הָאט דִיר גֶעבֶּענְשְׁט מִיט פִּיעל מַעֲלוֹת, דִיא נַאטוּר הָאט דִיר בֶּעגְנָאבְּט מִיט פִּיעל אֵיינֶגְעשַׁאפְּטֶען, זִיא הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען גְרוֹיסֶע טְהַייעֶרֶע ווִיכְטִיגֶע מַתָּנוֹת. גֶעהמְלִיךְ: דוּא בִּינְסְט פְרוּם, קְלוּג, גֶעטְרַייא, דוּא הָאסְט אַגוּטֶעס הֶערְץ, אוּנ דַיין עֶרְלִיכְקַייט אִיז פִּיעל מֶעהר אוּנ גְרֶאסֶער פַאר דַיין שֵׁיינְהַייט, אָבֶּער לֵיידֶער, מַיין לִיבֶּע חנה, וָואס פַאר נוּצְין בְּרֵיינְגְט עֶס אוּנְז בֵּיידֶען? קוּק זִיךְ אַיין אוֹיף מִיר בֶּעטְרַאכְט גוּט ווִיא אִיךְ זֶעה אוֹיס, דִי עֶרְד לִיגְט אוֹיף מִיר, אִיךְ בִּין שְׁוַוארְץ גֶעווָארִין ווִיא קוֹיל. אִיךְ בִּין פַארְפִינְסְטֶערְט פַארְיָאגְט פוּן דֶער גַאנְצֶער ווֶעלְט. אִיךְ בִּין אַרַיין גֶעפַאלֶען אִין אַגְרוֹיסֶען אוּנְגְלִיק, אִיךְ קָאן פוּן מַיין צָרָה נִיט בֶּעפְרַייט ווֶערֶען, אוּנ דוּא, מַיין לִיבֶּע חנה, ווִיא אַזוֹיא קָאנְסְט דוּא דָאס קַאלְטְבְּלִיטִיג צוּ זֶעהֶען מַיינֶע גְרוֹיסֶע יִסוּרִים אוּנ שְׁווַייגֶען. אִיךְ ווֶעל דָאךְ גֶעווִיס אַלַאנְגֶע צַייט דָאס נִיט קָאנֶען אוֹיס הַאלְטֶען, אִיךְ ווֶעל דָא אִין גֶעפֶאנְגְנִישׁ מוּזֶען דוּרְךְ מַיינֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת שְׁטַארְבִּין,

(פֵייעֶרדִיגֶע לִיבֶּע)

גֶעוואלְד

גֶעוואַלְד גֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף מַיין גְרוֹיסֶען אוּנְגְלִיק , הֶעלְף מִיר , לִיבֶּע חנה , הָאבּ אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת אוּנ רֶעטֶע מִיךְ אֵיידֶער מַיינֶע לֶעצְטֶע קְרֶאפְטֶע וֶועלֶען פוּן מִיר אָבְּטְרֶעטֶען .

– מִיט וָואס קָאן אִיךְ דִיר הֶעלְפִין , מַיין לִיבֶּער יוסף ? — הָאט חנה גֶעזָאגְט מִיט אַגְרוֹיס גֶעוויין — זָאג מִיר וָואס פַאר גוּטֶעס קָאן אִיךְ דִיר טָאן ? זָאג מִיר דַיין פֶערְלַאנְג , וָואס דוּ ווילְסְט פוּן מִיר , רֵייד דֵייטְלִיךְ , קְלָאהר , שְׁרֶעק דִיךְ נִיט מִיר צוּזָאגֶען דַיין פְּלַאן , ווילְסְט דוּא דָאס אִיךְ זָאל מֶעהר הָארֶעוֶוען , מֶעהר אַרְבֵּייטֶען , בִּין אִיךְ מוּכָנֶת וּמְזוּמֶנֶת צוּ אַרְבֵּייטֶען צוּ הָארֶעוֶוען מִיט אַלֶע מַיינֶע קְרֶאפְטֶע אוּנ אִיבֶּער מַיינֶע כּוֹחוֹת , אוּנ וֶוען אִיךְ זָאל ווִיסֶען דָאס דוּרְךְ מַיין טוֹיט וֶועסְט דוּא בֶּעפְרַייט וֶוערֶען פוּן דַיין אוּנְגְלִיק , וָואלְט אִיךְ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען , אִיךְ וָואלְט אָבְּגֶעגֶעבֶּען מַיין לֶעבֶּען פַאר דַיין לֶעבִּין , וַוייל אָהן דִיר אִיז מִיר פִיעל עֶרְגֶער , שְׁלֶעכְטֶער אוּנ בִּיטֶערֶער ווִיא גֶעשְׁטָארְבֶּען .

– דָאס וֵייס אִיךְ , מַיינֶע לִיעבֶּע טְהַייעֶרֶע חנה , — הָאט יוסף גֶעזָאגְט — אִיךְ קָאן דִיר זָיעֶר גִיט , דוּא בִּינְסְט טַייעֶרֶער אוּנ גֶעשֶׁעצְטֶער ווִיא אַלֶע פְרוֹיעֶן , פִיעל יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער הָאבֶּען גֶעטָאן ווִיכְטִינֶעס פַאר דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל , זִייא הָאבֶּען זָייעֶר לֶעבֶּען אוּנ זָייעֶר עֶהרֶע גֶעשְׁטֶעלְט אִין גֶעפַאר , זִייא זַיינֶען גֶעקְרָאכֶען אִין דִיא גְרָאסְטֶע סַכָּנוֹת'דִיגֶע עֶרְטֶער צוּא רֶעטֶען מֶענְשֶׁען פוּן זָייעֶר אוּנְגְלִיק , דוּא אָבֶּער בִּינְסְט בַּייא מִיר פִיעל מֶעהר גֶעאַכְט פַאר זִייא אַלֶעמֶען , דַארוּם מוּז אִיךְ דִיר דֶעם אֶמֶת זָאגֶען : דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען דָאס נִיט דַיין לֶעבֶּען חָלִילָה פַארְלַאנְג אִיךְ פוּן דִיר , וַוייל דַיין לֶעבֶּען אִיז אִין מַיינֶע אוֹיגֶען פִיעל טַייעֶרֶער ווִיא מַיין לֶעבֶּען , וֶוען מֶען זָאל מִיר טֵייטֶען , וָואלְט אִיךְ מִיךְ זָייעֶר גֶעפְרַייט , שְׁטַארְבֶּען אִיז פִיל בֶּעסֶער ווִיא צוּ לֶעבֶּען דָא אִין גֶעפֶאנְגְנִישׁ , וַוייא צוּ מִיר , וואוּ בִּין אִיךְ אַרַיין גֶעפַאלֶען ? זֶעה דִיא פִינְסְטֶערֶע גְרוּבּ . . . גִיבּ אַקוּק אוֹיף מַיין פָּנִים , עֶר אִיז נָאךְ פִינְסְטֶערֶער ווִיא דִיא גְרוּבּ . . . מַיינֶע בֵּיינֶער זַיינֶען

שוין כִּמְעַט צוּבְּרָאכֶען, אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אַריבֶּער טְרָאגֶען, אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיס הַאלְטָען, אֵיידֶער זִיךְ אַזוֹיא קְוֶועלֶען, אַזוֹיא פִיל יִסוּרִים הָאבֶּען, אִיז פַאר מִיר פִיעל בֶּעסֶער נִיט לֶעבֶּען, אִיךְ מוּז מִיר אַלֵיין טֵייטָען, אִיךְ מוּז וֶוערֶען אַזֶעלְבְּסְט מֶערְדֶער . . . נוּר עֶס אִיז נָאךְ פאַרַאן אֵיין מִיטֶעל, וָואס נוּר דוּא, חנה, קָאנְסְט מִיךְ רֶעטָען פוּן אַלֶע מַיינֶע צָרוֹת . . .

— זָאג מִיר וָואס פַארְלַאנְגְסְט דוּא פוּן מִיר? — הָאט חנה גֶעפְרֶעגְט — אִיךְ וִויל וִויסֶען וָואס דוּא פָאדֶערְסְט פוּן דַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹיא; אִיךְ וֶועל דַיין פֶערְלַאנְג גֶעוִויס עֶרְפִילֶען, עֶס וֶועט פַאר מִיר קַיין זַאךְ נִיט שְׁוֶוער זַיין צוּ טָאן נוּר אִיךְ זָאל וִויסֶען דָאס פַאר דִיר וֶועט זַיין אַטוֹבָה.

— אִיךְ פֶערְלַאנְג — הָאט יוסף גֶעזָאגְט — דַיין עֶהרֶע . . . דוּא זָאלְסְט מִיךְ דוּרְךְ דַיין כָּבוֹד רֶעטָען פוּן גֶעפֶּאנְגְנִישׁ, גֶעוִויס וַוייסְט דוּ וָואס אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען: כל המקיים נפש אחת מישׂראל וכו׳ דָאס הֵייסְט: וֶוען אֵיינֶער רֶעטֶעט אַמֶענְשֶׁען פוּן אוּנְגְלִיק אוּנ דוּרְךְ דֶעם עֶרְהַאלְט עֶר אִיהם זַיין לֶעבֶּען, וֶוערְט דֶער רֶעטֶער גֶערֶעכִינְט וִויא עֶר וָואלְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט גֶערֶעטֶעט פוּן אוּנְגְלִיק, לִיבֶּע חנה! נִיט דוּא בִּינְסְט דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוֹיא וָואס הָאט זִיךְ מַפְקִיר גֶעוֶועזֶען צוּ רֶעטָען אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, דוּא וַוייסְט גֶעוִויס וָואס דִיא צִדְקָנִיּוֹת יָעֵל דִיא פְרוֹיא פוּן חֶבֶר הַקֵינִי הָאט גֶעטָאן . . . דֶערְמִיט וָואס זִיא הָאט סִיסְרָא׳ן פַאר שְׁלֶעפֶּערְט אִין אִיהר שׁוֹים . . . הָאט זִיא גִיבְּרַאכְט אַ יְשׁוּעָה פַאר דִיא יוּדֶען, אוּנ לֹא דַי וָואס זִיא הָאט קֵיין עֲבֵירָה נִיהַאט מִיט אִיהרֶע מַעֲשִׂים, פַאר קָעהֶרְט דִיא נְבִיאָה דְבוֹרָה הָאט אִיהר דֶער פַאר גֶעדַאנְקְט, אוּנ גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנ אִיהר נָאמֶען אִיז דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיס גִיוָוארִין, לִיעבֶּע טְהַייעֶרֶע חנה! טְהוּא אוֹיךְ אַזוֹיא וִויא יָעֵל הָאט גֶעטָאהן . . . רֶעטֶע מִיךְ דוּרְךְ דַיין כָּבוֹד . . . גֵייא צוּ נָתָן דֶעם רָשָׁע אוּנ טְהוּא זַיין ווִילֶען . . . דֶער פַאר וֶועט עֶר דִיר גֶעוִוישׁ בָּארְגֶען דָאס גֶעלְד וִויא פִיל אִיךְ בְּרוֹיךְ בֶּעצָאהלֶען מַיינֶע

בּעֲלֵי תּוֹבוֹת, וֶועל אִיךְ בַּאדוּרךְ גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹיט. אוּנ דֶער זְכוּת פוּן פִּקוּחַ נֶפֶשׁ וֶועט זַיין אַמֵלִיץ ישֶׁר פַאר דִיר, דָאס גָאט וֶועט דִיר דָאס נִיט רֶעכְנֶען פַאר קַיין עֲבֵרָה נוּר פַאר אַמִוְוָה.

וַוייא אִיז מִיר! — הָאט חַנָה גֶעשְׁרִיעֶן נִיט וִויא מִיט אִיהר קוֹל—אַקְלָאג צוּ מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען. אַדוּנֶער הָאט מִיךְ עֶרְשְׁלָאגֶען! גֶעוַואלְד גָאט! גְרוֹיסֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער בַּאשֶׁעפֶער! וָואס מְהוּט זִיךְ דָא מִיט מִיר? הָאבּ אִיךְ דָאס בֶּאֱמֶת גֶעהֶערְט אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע בַּייד פוּן מַיין מַאן. אָדֶער מִיר חָלוֹם'ת זִיךְ דָאס? קָאן דָאס מֶעגְלִיךְ זַיין אַז אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער הָאסְט דוּא גֶערֶעד. מַיין מַאן יוֹסֵף? וַואכֶערְהַייט? נֵיין, מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ דָאס גָאר נִיט. נוּר לֵיידֶער אִיז דָאס נִיט אַחָלוֹם! אַךְ צוּ פִיעל טְרוֹיעֶרִיג. צוּ פִיעל שְׁמֶערְצְלִיךְ, צוּ פִיל שְׁרֶעקְלִיךְ זַיינֶען דַיינֶע רֵייד, מַיין לִיעבֶּער יוֹסֵף. וֶוער וַוייסְט נָאךְ אַזוֹי קְלָאהר וִויא דוּא, דָאס פוּן אַלאַנְגֶע צַייט הָאט מִיךְ נתן לִיעבּ וַויא זַיין לֶעבֶּען. עֶר אִיז דוּרְךְ מִיר קְרַאנְק גֶעוָוארֶען. אוּנ עֶר הַאלְט נִיט פִיעל וַוייט פוּן גְרוּבּ. דִיא גַאנְצֶע לַאנְגֶע צַייט הָאט עֶר זִיךְ נִיט אַיינְגֶעמִידֶעט שִׁיקֶען צוּ מִיר טָאג טֶעגְלִיךְ זַיינֶע בֶּעדִינְטֶע. בִּיטֶען מִיר אִיךְ זָאל אִיהם גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען מִיט מַיין קוּמֶען צוּ אִיהְבּ. יֶעדֶער שָׁלִיחַ קוּמְט מִיט אַנַאנְדֶער הַבְטָחָה. יֶעדֶערֶער פַארְשְׁפְּרֶעכְט מִיךְ דָאס אִיךְ וֶועל גְלִיקְלִיךְ זַיין וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהם פָאלְגֶען אוּנ קוּמֶען צוּ אִיהם... יֶעטְצְט זֶעה מַיין לִיעבֶּער מַאן. וִויא אַזוֹיא קָאן אִיךְ גֶעהֶען צוּ אִיהם? אִיךְ וֶועל דָאךְ זַיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען. אִיךְ וֶועל נָאכְדֶעם הָאבֶּען דִיא גְרֶאסְטֶע בִּזְיוֹנוֹת. וָואס וֶועט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאגֶען אוֹיף אוּנְז בֵּיידֶען? אַלֶע ווילֶען דָאךְ דִיר רֶעכְנֶען פַאר דֶעם גְרֶאסְטֶען פַארְבְּרֶעכֶער. אוּנ מִיר — פַאר דִיא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגְסְטֶע פְרוֹיא. אַקְלֵיינִיגְקַייט מִיךְ אָבּ צוּא רֶעדֶען. גֶעהֶען טְהוּן אַזַא עֲבֵרָה. זִיךְ מַפְקִיר זַיין לְזְנוּת. זִינְדִיגֶען גֶעגֶען גָאט אוּנ גֶעגֶען דִיא מֶענְשְׁלִיכְקַייט. פַארְפְלֶעקֶען דִיא נְשָׁמָה אוֹיף עֶוִויג, אִיךְ

(פייערדיגע ליבע) וועל

וועל זיך דאָך קיין מאָל ניט קאָנען אויסלייטערן . איך וועל דאָך פאַרפאַלען ווערען אין כף הקלע . גיין , מיין ליבער יוסף . גיין . דאָס קאָן ניט אונ וועט ניט זיין איך גלויב , רעכן אונ קלעהר אַז נאָר ארוה רעה רעדט אין דיר , דער שלעכטער גייסט שרעקט דיך , דוא רעדסט דאָס ניט מיט אַקלאָהרען זינען אונ ניט מיט ריינע געדאנקען , אמת דוא בינסט שוואך , קראנק . זייער אונגליקליך . אבגעצערט , אבגעמאָגערט . דיין גוף איז געוואָרען איינגעדאַרט , ניטאָ אויף דיר קיין פלייש , נור הויט אונ ביינער , אָבער מאַך דיך ניט פאַר אַ איש רע ובליעל . זינדיג ניט געגען דעם בורא עולם . כה , געזונד , קאָן מען אנדערע בעקומען , אָבער ווייא איז דעם מענשין וואָס פארליהרט זיין נוטען נאָמען . זאָג אַליין , יוסף . קאָן דען דער ליעבער גאָט דורך אַזעלכע הטאים אונז באַגליקען ? אונ וויא אַזויא ווילסט דוא זיך דורך אַזאַ גרויסע עבירה בעפרייען פון דיין אונגליק ? אונ דאָס וואָס דוא זאָגסט „פקוח נפש“ איז פאַראַן דערביא . אמת , דיא מצוה „פקוח נפש“ איז דוחה אַנדערע „מצות“ , צו ליב פקוח נפש מעג מען מחלל שבת זיין אונ אפילו יום כפור מעג מען אויך מחלל זיין . אויסער דיא דרייא עברות וואָס זיינע פון זיי איז גלוי עריות וואָס אויף דעם האָבען אונזערע הכמים געזאָגט יהרג ואל יעבור . דאָס הייסט : זיך רעטען דעם לעבען דורך איינע פון דיא דרייא עברות טאָר מען ניט , מען דאַרף זיך לאָזען טאָדטען אונ דיא עברות ניט טהון . ווייל זייא זענען זייער שטריינג פאַרבאָטען אַזויא וויא דוא ווייסט .

הנה האָט אַזויא לאַנג גערעדט ביז זיא איז שטאַרק אין כעס געוואָרען , אונ איז פון דעם געפּאַנגעניש אַנטלאָפען , זיא איז פון דאָרט אַוועק געגאַנגען זייער פאַרשעמט , דאָס האַרץ איז איהר געוועזן געלאַכערט , פאַרוואונדעט וויא ער וואָלט איהר מיט אַשאַרפען שפּיז איהר ברוסט געלאַכערט , זיא איז געלאָפען אונ אין איהרע אויגען האָבען געקלונגען דיא צווייא ווערטער וואָס יוסף האָט איהר געזאָגט „פקוח נפש“ !

(פייערדיגע ליעבע) אנייער